







№ 3—4

מאַרט-אַפּרעל

אויסגאַבע
פון רעד. „אָקטיאַבר״
מינסק — 1928

# שרייבט אויס און פאַרשפּרייט

## צווישן אייערע באַקאַנטע דעם איינציקן גרויסן, ערנסטן, ליטעראַריש-קינסטלערישן און פּאָליטיש-וויסנשאַפטלעכן כוידעש-זשורנאַל

# שטערן

דער זשורנאַל „שטערן" גיט אָפּ א גרויסן אָרט פאַר פראַגן פֿון מאַרקסיזם און לעניניזם, פון סאָוועטישער בויונג און פראָפבאַוועגונג.

דער זשורנאַל „שטערן" גיט אָפּ א געהעריקן אָרט פֿאַר דער געשיכטע פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. עס ווערן געבראַכט די אינטערעסאַנטע, נאָך ניט פֿאַרעפנטלעכטע דאָקומענטן פון דער צאַרישער געהיימפּאָליצײ. אין דער אָפּטיילונג נעמען אַנטייל די וועטעראַנען פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

דער זשורנאַל „שטערן" גיט די בעסטע קינסטלערישע ליטעראַטור סײַ אָריגינעלע און סײַ איבערגעזעצטע.

דער זשורנאַל „שטערן" האָט זייער א רייכע אָפּטיילונג פֿאַר פראַגן פֿון קונסט, ליטעראַטור און טעאַטער.

דער זשורנאַל „שטערן" גיט די רייכסטע פובליציסטיק, די פּאָפּולערסטע וויסנשאַפֿטלעכע אַרטיקלען, קריטישע אָפּהאַנדלונגען איבער פֿאַרשיידענע ווערק פֿון דער יידישער און ניטיידישער ליטעראַטור.

דער זשורנאַל „שטערן" איז דער בילליקסטער זשורנאַל אין גאַנצן פֿאַרבאַנד.

ער האַלט צען דרוקבויגן און קאָסט אין איינצל-פֿאַרקויף נאָר 50 קאָפּ.

## אַבאָנאָמענט-פּרייז:

פֿאַר א יאָר (12 נומערן) 7 רובל.
פֿאַר אַ האַלב יאָר — 3 רובל 50 ק.
דריי כאַדאָשים — 1 רובל 80 קאָפּ.

איינצל-פֿאַרקויף
**50 קאָפּ.**

## די גרויסע טעגלעכע צייטונג „אָקטיאַבר" מיט דעם זשורנאַל „שטערן"

**1 ר. א כוידעש.**

אַדרעס: Минск, Ленинская 22 для „Штерн"

פראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

# שטערן

ליטעראַריש-קינסטלערישער און
פאָליטיש-וויסנשאַפטלעכער
זשורנאַל.

מינסק, מאַרט—אַפּרעל 1928. ═══ פינפטער יאָרגאַנג ═══ № 3-4

ב. אָרשאַנסקי.






## „ב ל ו ט"*).

(טראַגעדיע אין 4 אַקטן).

## דריטער אקט.

אין דעם אקט שפּילן:

קאַנאָפּיטאָוו—שעף פון זשאַנדאַרמעריע אין פוילן.
סטאַניסלאַוו זשעראָמסקי—פוילישער גענעראַל
מאַריאַ—זיין פרוי.
יאַנעק—זייער זון.
פאָלקאָווניק—סטופין.
דינער—אין אָכראַנקע.

אין אָכראַנקע, קאָנאָפּיטאָו׳ס קאַבינעט. שוואַרצע ווענט אָן סירן, נאָר פון יעדן שפּאַלט קריכט אַרויס אַ מענטש שטענדיק אומצאַמערקט, שטענדיק צושראָקן.

אפן שוואַרצן פאָן פון ווינקל—אַ גרויס בילד פון יע-זוס; אינמיטן ניקאָלאַיס בילד. יאַנעק שטייט איינער אליין אין מיטן צימער, אַרומגערינגלט מיט הויכע, כמורנע, שוואַרצע ווענט. ער זעט אויס מאָרנע עלנט, אומבאַהאָלפן. ער קוקט אף איינעם פון די שפּאַלטן אין הינטערגרונט, ווי פון דאָרט וואָלט געקומען די ישועה.

(עס לויפט אריין צושראָקן און האַכנאָעדיק אַ דינער. נייגט זיך).

### דינער.

איך בין געווען דאָרט, אויסגעפילט די שליכעס ביזן סאָף.
אין האַנט דעם פאָטער אייערן דעם בריוו האָב איך געגעבן.
„אזוי שפעט"—האָט ער געפרעגט—„האָט וואָס געטראָפן?"
און די מוטער אייערע איז בלאַס געוואָרן זייער,
ווען זי ס׳דעם בריוו געלייענט.

### יאַנעק.

אַדאַנק... איך דאַנק דיר זייער...

געטריי ביזטו געווען מיר שטענדיק,
(פויזע. טוט נערוועז א ריב דעם שטערן).
איך האָב צו דיר א ביטע. עפּשער שוין צום לעצטן מאָל.

### דינער.

באַפוילט, מיין האַר.
געטריי וועל איך אייך בלייבן ביזן גרוב.

### יאנעק.

אריינלאָזן אַהער זאָלסטו די עלטערן אזוי,
אַז קיינער זאָל ניט מערקן זייער אָנקום.
אַף דער וואַך אַליין זאָלסטו זיך שטעלן און נאָכקוקן נאָך אלץ,
באַצייטנס זאָלסטו קלינגען און געבן מיר צו וויסן,
ווען ס׳וועט אָנקומען דער שעף.

### דינער.

איך הער, און אלץ וועט פינקטלעך זיין, מיין האַר.
דער אַלטער וועט ניט קומען שפּעט אזוי באַנאַכט.

### יאַנעק.

גוט, גיי.

(דער דינער נייגט זיך און פאַרשווינדט. פויזע. יאַנעק שטעלט זיך נעבן שטול, טראַכט, קוקנדיק ערגעץ ווייט).

זאָל אלץ שוין זיין פאַרפאַלן?
צו זעקס און צוואַנציק יאָר און שוין פאַרענדיקט די קאָמעדיע?

*) די דראַמע איז אָנגענומען געוואָרן אין ייִדישן מעלוכע-טעאַטער אין אוק-ראַינע און, לויט א ספּעציעלן אָפּמאַך מיטן אוקראַינישן פאָלקאָמבילד, טאָר זי אין קיין אנדער טעאַטער ניט געשטעלט ווערן ביזן 1 נאָיאַבער 1928 יאָר.

מייך ביילקע איז פאַרפאַלן...
מיין ביילקע איז ניט מיינע.
און וואָס קען מיך באפרידיקן אַצינד?
און ווו קען איך אן אָרט זיך איצט געפינען?
אָט—דאָ, באם שעף פון די זשאנדאַרמערן!
אַהין... אַהין, צו ביילקען, איז דער וועג אף אייביק שוין פאַרצאַמט.
(פויזע. עס לויפט אריין די מוטער א בלאַסע, אַ צושראָקענע)

מאַריא.

מיין זון, מיין איינציקער, האָט וואָס מיט דיר געטראָפן?
אזוי שפעט באנאַכט, עס מוז שוין זיין אזייגער צוויי?
ווי בלאָס דו ביסט, וואָס איז מיט דיר, מיין קינד?

יאַנעק.

גאָרניט, מוטער. זיך, רו אָפּ.
און דער פאָטער—ער וועט דען ניט קומען?

מאַריא.

ער איז דאָ, ער טוט דאָרט אויס דעם מאנטל.
זאָג, מיין זון, אף גיך, זאָג, וואָס איז געשען?

יאַנעק.

זיך און רו זיך אָפּ. זאָל אריין דער פאָטער.
(זעצט זיך אוועק אין פאָטערשטול. נעמט בא איר די הוט און די האנטשו און לייגט זיי אוועק אפן טיש. מיט גיכע טריט גייט אריין סטאַניסלאוו).

סטאַניסלאוו.

נו, דו זעסט, ער לעבט, וואָס האָב איך געזאָגט?
דיין מוטער האָט דאָך שיר געכאלעשט.

יאַנעק.
(מיט א גיפטיקן שמייכל).

און דו? ווי אלעמאָל בינסטו געבליבן גרויזאַם-קאַלט?

סטאַניסלאוו.

אַ יידענע בין איך, צי וואָס?
פיינט האָב איך היסטעריקע, ווי טויט.

יאַנעק.

אַפאַניס—
אז געדריקט האָט זייער וויניק דיך דאָס לעבן,
און גלאַטיק אלץ געגאַנגען איז בא דיר.
רויק בינסטו שטענדיק, גרויזאַם רויק!

סטאַניסלאוו.
(קוקט אף אים פון אויבן אַראָפּ מיט אן אויסגעשפראָכענעם ביטל).

מיילע... איך, ווי איך... דו אָבער פונוואַנען האָסט דערוווסט,
וואָס הייסט געדריקט צו זיין פון לעבן?
דערווייל ז'די לאַגע דיינע ניט די ערגסטע,
ניט דו, נאָר איך האָב זיך דערנידערט און געבעטן
און געקליאנטשעט און דערשלאָגן זיך א פאָסטן אזא הויכן,
וואָס דורך אים איז איצט פאַרזיכערט דיין קאַריערע!

יאַנעק.
(טוט א קריץ מיט די ציין און א שארפן קער צו אים).

א שטריקל אָנגעזייפט האָסטו בא מיר אף האלדז
מיט דיין קאַריערע!
ווי קאַין מוז איך אומגיין איבער וועלט
און וואָרענען און שרייען—גייט אוועק, ניט רירט מיך אָן:
„יאַנעק—איז א שפּיק!“.
וואָס האָסטו געהאט צו מיר?
פאַרוואָס האָסט מיך אהער אין געהענעם פאַרשליידערט?

מאַריא.

קינד מיינס, זאָג שוין, זאָג, וואָס האָט מיט דיר געטראָפן?
פאַרוואָס זאָלסטו דער מוטער דיינער גאָרניט זאָגן?
אז פון אלעמאָל האָב איך געבעטן זיך, געטאַיינעט:
עס איז ניט דאָס דער וועג! מיט וועמען גייט איר?
מיט דעם מאסקאַל? מיט דעם קאצאַפּ, וואָס האָט אונדז פיינט,
וואָס וויל דערטרינקען אונדז אין אונדזער בלוט—
מיט אים וועט איר באפרייען פוילן?
צו וואָס האָסט נאָך דעם זון מיינעם געשלעפט אין זומפּ?
דאָס מוטער הארץ האָט שטענדיק מיר געזאָגט, איך האָב געפילט—
אַ גרויסער אומגליק פאַלן וועט אַף אונדזער קאָפּ.
(וויינט זיך פאַנאַנדער).

יאַנעק.

מוטער!
צוזונערט האָט זיך ברייט און שטאַרק דער אומגליק.
דיין קינד, דיין יונגער זון, וואָס האָט פון לעבן ניט געוווסט.
וואָס דער פאָטער זיינער ט'אים,—ווער ווייס פאַר וועלכע צילן—
אַהער אין שלאַנגען-גרוב געשליידערט—
דיין קינד הענגט איצט אַף שלונג פון טהאָם.
ניטאָ קיין רעטונג, מוטער, איך זע קיין אויסוועג ניט.

סטאַניסלאוו.
(אַ בייזער, א הארטער, ווי א שטיין, שטייט ער פון דערווייטן און קוקט פול פאַראַכטונג אף דער וויינענדיקער מוטער און אף דעם בלאסן יאנעקן).

איך האָב געזאָגט שוין ניט איינמאָל:
פיינט האָב איך היסטעריקעס, ווי טויט!
ניט אומבאוווסטע צילן געוועזן זיינען דאַן בא מיר,
ווען איך האָב דיך אהער געשיקט.
דער ציל איז מיינער, און מוז אויך ווערן דיינער—
אַ קלאָרער ציל איז דאָ פאַר אונדז, פאַר טרייע זין פון פוילן.
פוילן ווערן מוז באפרייט,
און אלע וועגן פירן אונדז אין רוים!

מאַריא.

עך, סטאַניסלאַוו, ווער האָט נאָך ליב מיין לאנד, מיין פאָלק.
אזוי ווי איך, און ווער ז'נאָך גרייט אזוי, ווי איך,
מיין לעבן אָפּגעבן פאַר פוילן.
איז דאָס דער וועג אָבער, וואָס קען די פרייהייט ברענגען?
אין שטויב זיי וואַלגערן דעם גלאַנץ און שטאָלץ פון פוילן,
זיי טרעטן מיט די פיס דעם קאָוועד אונדזערן, און ערע.
עס האָט אונדז פיינט די רוסישע זעלבסטהערשונג,
קענן איר געוועגדעט ווערן מוז דער צאָרן,
און גאָט אלמעכטיקער וועט קומען אונדז צו הילף.

## יאנעק.

(שטייט אָן דער זייט, טיף פאַרטראַכט, ווי ער וואָלט דאָ דעם גאַנצן געשפּרעך ניט געהערט).

די צווייטע נאַכט איך קען ניט צומאַכן קיין אויג
באַרויקן איך קען ניט מיין געמיט.
געטראָפֿן האָט אַזוינס,—איך צווייפל—
אויב איר'ט קאָנען דאָס פֿאַרשטיין.
אָט דאָ, אין האַרץ אַ גרויל אַ גרויסער ס'זיך צולייגט
און לאָזט ניט רוען.
אויב ס'איז דאָ אַ גאָט אַף וועלט אין הימלען,
אויב ווירקלעך, ב'אים אין האַנט דער גורל איז פֿון מענטשן
און ר'פירט אונדז אַלעמען מיט יושער און מיט מיטלייד,—
פֿאַרוואָס האָט ער געשטראָפֿט מיך אַזוי שטאַרק?
וווּ ליגט מיין שולד? אין וואָס באשטייט מיין זינד?
פֿאַרוואָס דאַרף איך דעם שטראָף פֿון דוירעס אַף זיך טראָגן?
סטאַך, דעם כלאָפּס אַ זון, איז גליקלעכער פֿון מיר!
האָט איר דען ווען זיך פֿאָרגעשטעלט אַזוינס?
און איך אַליין האָב ווען דערפֿון געטראַכט?
מוטער, וווּ איז דער גאָט, צו וועלכן דו האָסט זיך געקניט
און וועלכן דו האָסט מיך געלערנט ליבן!
פֿאַרוואָס איז ער איצט שטום?

## מאריא.

מיין קינד, פֿאַר אונדז, פֿאַר מענטשן זינדיקע אַף ערד,
פֿאַרבאָרגן און פֿאַרהילט עס זיינען זיינע וועגן,
און פֿון זינדיקע אין וועלט איז קיינעם ניט דערלויבט
צו פֿרעגן קאַשעס. ס'איז דאָ אַ גאָט און פֿאָלגן דאַרפֿן
אים אין אַלע צייטן. האָפֿן דאַרף מען נאָר אַף אים,
און קומען וועט די הילף.

## סטאַניסלאַוו.

צו וואָס האָסטו גערופֿן אונדז אַהער אין שפּעטער נאַכט?
איך בין אַ מענטש שוין אין די יאָרן און האָב ניט קיין גערולד
פֿון אַ שנעק אַזאַ, ווי דו, צו הערן פּלוידערייען.
נאָר—מיר דוכט—איך שטויס זיך אָן...
עס האָט געטראָפֿן דאָס, פֿאַרוואָס איך האָב פֿון לאַנג געציטערט.
עס האָט זיך אויך צו אים פֿון רויטן טייוול
דער געשפּענסט דערקליבן.
און שולדיק איז אין אַלץ די מוטער.
דו פּלוידערסט טאָג ווי נאַכט פֿון אויסגעטראַכטן „פֿאָלק"
און אים האָסטו אויך פֿאַרדרייט דעם קאָפּ.

## מאריא.

(שפּרינגט אויף פֿול מיט צאָרן).

איך ווייס ניט ווער עס דרייט אַ קאָפּ און וועמען,
נאָר איין זאך איז מיר קלאָר—
ניט פּוילן איז דער ציל בא אייך.
איר טרעט אַף פּוילן מיט די פֿיס.
איר האָט זיך לאַנג פֿאַרקויפֿט דעם צאַר!

## סטאַניסלאַוו.

און איר?
און איר—דעם טומל שמוציקן פֿון רויטע.
איר ווילט פּוילן אומברענגען, ניט מיר,
עס האָט אַ טייוול-האַנט דעם קאָפּ אייך דאָרט פֿאַרדרייט,
איר טומלט זיך, איר רוישט, איר דרייט זיך צווישן פֿיס
און שטערט די פּלענער אונדזערע דערפֿירן ביזן סאָף.
איך וועל קיינעם ניט דערלויבן צו פֿאַרשמוצן אונדזער נאָמען
און דערנידערן מיין ערע אין דער פּוילישער געזעלשאַפֿט.
איך וועל ניט בוקן זיך, ניט וואַרפֿן זיך אין שטויב,
פֿאַר זייער רויטער שמאַטע!
איר ווייסט גאַנץ גוט—פֿיינט האָב איך דעם צאַר
און ליידן קען איך ניט דעם פּעלציקן קאצאפּ.
נאָר נאָך מער האָב איך פֿיינט דעם שמוציקן האַמוין!
איך דאַרף ניט האָבן יענעם פּוילן,
וווּ דער כלאָפּ וועט זיין דער הערשער איבער מיר
און וווּ דעם קאָפּ מיינעם וועט דרייען די זשידאָווקע.

## יאנעק.

(טוט זיך שאַרף אַ קער צום פֿאָטער, טוט אַ טופּ מיטן פֿוס).

שווייגן!
עס ברויזט אין מיר איצט שטורמדיק מיין בלוט,
און איך... איך קען פֿאַר קיין זאך ניט קאַווירן.
(מאַכט איין טראָט צום פֿאָטער, כאַפּט זיך אָן פֿאַר אַ שטול).
איך האָב מיין ביילקען ליב! טייער איז זי מיר און הייליק
און קיינער וועט ניט וואגן דאָ איר נאָמען צו פֿאַרשמוצן.
איך פֿאַרווער דיר—הערסט—צו רופֿן זי אַזוי!

## מאריא.

(שפּרינגט אויף פֿון איר אָרט).

יאן! באזין זיך, וואָס איז מיט דיר?

## סטאַניסלאַוו.

אָט וואָס!
דערלעבט צו הערן!
אַ זשידאָווקע אַ פֿאַרשיווע האָט דעם קאָפּ זיינעם פֿאַרדרייט.
איך וועל זי שיסן ערגעץ אין אַ ווינקל, דיין זשידאָווקע,

## יאַנעק.

(טוט זיך אַ וואָרף צו אים).

פּאָדליעץ!

## מאריא.

(טוט זיך אַ וואָרף צווישן זיי, סטאַניסלאַוו שטייט פֿון ווייטן אַ בייזער, אַ בלאַסער. ער דריקט פֿעסט די פֿויסטן, ווי ער וואָלט דורך דעם וועלן דערשטיקן דעם ווילדן שטורעם, וואָס עס האָט זיך אויפֿגעהויבן בא אים אין האַרצן).

זון מיינער, אום גאָטעס ווילן, וואָס טוסטו?
אַזעלכע ווערטער, ווי ברענגסטו גאָר ארויף אַף דיינע ליפּן?

אַ פֿאָטער איז ער דיר און דו מוזט בעטן אים מעכילע,
יעזוס און מאַריאַ׳ פֿאַרגיב מיין זון זיין זינד.
(ציילעמט זיך פֿרוב).

### יאַנעק.
(ווייכט אָפּ פֿון זיך די מוטער).

גייט אַוועק, גייטביידע; איצט אַוועק פֿון דאַן,
טרעט אָפּ פֿון מיר מיט אייער גאָט.

### מאַריאַ.

יאַנעק, דו לעסטערסט גאָט!
דו ברענגסט אַף אונדזער קאָפּ זיין צאָרן.
עס איז מיט גאָט און נאָר מיט גאָט געבונדן אונדזער גורל,
אַנדערש קען אַ פּאָליאַק גאָר ניט טראַכטן...
און אויב דו...
דאָס האָט די יידישקע אַזוי געלערנט דיך?...

### יאנעק.
(עס ווערגט אים, ער קען קוים אַרויסברענגען די ווערטער פֿון מויל).

מוטער!
שווייג! מוטער, שווייג!
(מען קלינגט, עס לויפֿט אַריין דער דינער).

### דינער.

עס קומט דער שעף!...

### יאנעק.

וואָס? שפּעט אזוי באנאכט!
(ווערט זייער מעוועלוול, וואַרפֿט זיך אַהער, אַהין).

פֿיר אָפּ די עלטערן צו מיר אין קאַבינעט,
נעם צו פֿון טיש אַלץ.
איך אַליין וועל אויך באלד קומען.
און דעם שעף וועסטו ניט זאָגן גאָרניט,
איך נעם אַף זיך.
(פֿאַרשווינדט רעכטס. יאנעק מאכט זיך אַביסל צו רעכט, שטייט אווילע, ווערט מאָדנע שוואַך. פֿאַרדעקט די אויגן מיטן האנט).

אָ, ווי שווער!
וועט נעמען ווען אַ סאָף צו אַלע ליידן?
(מיטאמאָל, ווי ער וואָלט געפאַלן אַף אַן אייצע).

עפּשער אָפּציען און זען זיך מיט איר?
דערוויזן עפּשער איר מיט וואָס עס איז,
אַז איך בין ניט קיין שפּיק...
(מען קלינגט, ער גיט עטלעכע גיכע טריט אַף לינקס און פֿאַרשווינדט. עס קומט אַריין קאנאפּיטאָוו. ער איז בייז, פֿאַרשלאָפֿן. ער גייט זיך עטלעכע מאָל אַדורך איבערן צימער, שטעלט זיך אָפּ, ברומט אַרויס „יאַ“. „ביש־קאָשע“. גייט ווידער אַוועק. ענדלעך שטעלט ער זיך בײַ זיין שרייבטיש אַנגעשפּאַרט אַף צונויפֿגעדרייטן פויסט. פויזע. מיט אַ הייזעריקער שטימע).

### קאָנאָפּיטאָוו.

סטופּין!
(פויזע).

איין מאָל נאָר באַפֿעלט דער שעף פֿון די זשאנדאַרמען!
(פויזע. ער גיט אַ זעץ מיטן פֿויסט איבערן טיש).

סטופּינען אַהער!
(פֿון ווינקל, צושראָקן, ווייזט זיך סטופּין. ער פֿאַריכט זיך איילנדיק, שטעלט זיך אָפּ, כאַפּט איבער דעם אָטעם און, ווי ער וואָלט ענדלעך באַשלאָסן, מאַכט ער עט־לעכע הילכיקע טריט, שטעלט זיך אויסגעצויגן פאַר קאָ־נאָפּיטאָוון).

### סטופּין.

אַייער עקסעלענץ!

### קאָנאָפּיטאָוו.

נימאָ?

### סטופּין.

דערווייל ניטאָ.
פֿון זיי קיין סימען ז׳ניט געבליבן אף דער דירע.

### קאָנאָפּיטאָוו,

באָלוואַן!
פֿאַרוואָס האָסטו קיין פּילער ניט געלאָזן?
פּילערס כאָטש אַ פּאָר געדאַרפֿט האָסטו דאָרט לאָזן!

### סטופּין.

אייער עקסעלענץ, ער האָט געמאַכט סקאַנדאַלן אָפֿן אָפֿן גאָס.
ער׳ט אונדז אלעמען צוטריבן,
שיר אַנטדעקט די בעסטע אַגענטור,
מיר געדראָט האָט ער מיט אַרעסט.

### קאָנאָפּיטאָוו.
(גיט אַ רעווע, ווי עמיצער וואָלט אים מיטאמאָל איינ-געביסן).

אופהענגען!
און צאַפּלען זאָל ער זיך אָט דאָ פֿאַר מיינע אויגן!
צוויי יאָר, אין דעם טאַטן און דער מאַמען אים אַריין!
צוויי יאָר, ווי איך ווער פֿאַרשאָטן מיט בריוו און מיט דעפּעשן,
איך זאָל אופֿזוכן, אַנטדעקן דעם אָרט פֿון דער קראַמאָלע!
צוויי יאָר, אז ב׳אונדז אונטערן נאָז האָט זיך אויסגעבויט
איר נעסט די זשידאָווקע מיט דעם פּאָליאַק דעם „פּשאַ-קרעוו“.
גאַנצע דרוקערייען! פֿאַרשאָטן ווערן מיר מיט בלעטלעך
אַלע טאָג! כ׳באַקום זיי הונדערטער דורך פּאָסט!
אַ זשידאָווקע, אַ בליאַדיוהע, זי הערשט איבערן געגנט,
און איך... איך בין ניט בעקויעך צו אַנטדעקן אָט די נעסט!..

### סטופּין.

לויט אייער א באַפֿעל האָב איך די בעסטע אַגענטן גענומען,
פֿאַרשפּרייט א נעץ גאָר אַ געדיכטע איבער אלע אירע וועגן.
איך האָב זאָגאַר אַ פּעדימל אַ קליינס געפֿונען,
וואָס פֿירט צום פּאַלעץ פֿון דעם פּאַן זשעראָמסקי...
נאָר...

### קאָנאָפּיטאָוו.

וואָס?
ליגן וועסטו קאָנען אין דעם ראַפּאָרט פֿאַרן צענטער,
איך דאַרף וויסן אלץ און קלאָר.

**ס ט ו פ י ן.**

אַייער עקסעלענץ!
איך ווייס, אז איר האָט אויגן זייער שאַרפֿע,
און פֿאר אייך איז אלעסדינג אנטפלעקט.
איך פֿאַרזיכער—
איין מאָל איז זי געווען אין פאַלעץ בא דעם „פאַן".

**ק אָ נ אָ פ י ט אָ ו.**

גענוי, אין וועלכן טאָג, אין וועלכער שאָ?

**ס ט ו פ י ן.**

פֿאַראַיאָרן,
דעם פֿופֿצעטן אין מאַי,
פֿון צוועלף ביז איינס באַטאָג.
אין דערזעלבער צייט,
ווען איר צוגעסט געפֿאָרן זייט צום „פאַן".
מיט א שוואַרצן שלייער געווען איז זי פֿאַרהאַנגען.

**ק אָ נ אָ פ י ט א ו.**

(קוקט א ווײלע אים גלייך אין די אויגן אריין, שרייט מיטאמאָל אויס).

פֿאַראַט!
דארט דער נעסט איז פֿון קראַמאָלע!

(לויפֿט איבערן צימער האסטיק, אופגערעגט).

אַ געמיינזאמער פֿאַראט פֿון זשידעס מיט פּאָליאַקן!
סיף ארײַנגעלאָזן האָבן זיי צו אונדז אין האַרץ די נעגל,
איינציקווייז ווער איך זיי הענגען, איינציקווייז!

(שטעלט זיך אָפ. ווישט אָפ דעם שווייס).

נו, גוט, מיר וועלן זען,
ווער וועמען וועט פֿאַרווערגן מיט אַ שטריקל.

(פויזע, נעמט ארויס א ציגאַר).

ווו איז יאַן?

**ס ט ו פ י ן.**

ער איז פֿון דעמאָלט אָן בא זיך אין קאַבינעט,
אַ שמירע שטענדיקע האָב איך אף אים געשטעלט.

**ק אָ נ אָ פ י ט אָ ו.**

שיק מיר אים אריין! ניין, איך וועל אליין אים רופֿן..

(סטופין פֿאַרשווינדט. פויזע. קאָנאָפיטאָוו צוואַרפֿט זיך אין פֿאָטערשטול, וואָס שטייט לינקס באם ראַמפּע. באלד טוט ער א קלאַפּ מיטן שפּיץ קאָריק אן דיל. פויזע. באלד נאָך איינעם, א שטאַרקערן. פון ערגעץ א שפאלט רוקט זיך ארויס א דינער).

יאַן זשעראָמסקין שיק אַהער!

(רוקט זיך ארויס. באלד קומט אריין יאַן, ער איז בלאַס, אויסגעמוטשעט. האלט הויך דעם קאָפּ און די אויגן אראָפּ־געלאָזן, ווי ער וואָלט גיין אף שווערע לײַדן).

**ק אָ נ אָ פ י ט אָ ו.**

דוס'ט דעמאָלט אפֿן באל מיט קיינעם ניט געטאַנצט.
ביסט בלאַס, זעסט אויס, ווי נעכט וואָלסט ניט געשלאָפֿן.
די זשידאָווקע דיינע לאָזט דיך אלץ ניט לעבן?

ביסט דאָך ניט קיין יאָלד,
צענדליקער קויפֿן קאָנסטו זיי פֿאַר געלט.
וועלכע, זאָג, וועט ביישטיין דעם ניסאָיען?..

**י א ן.**

איך בין צו יונג, איך זאָל שטרייטן אין דערפֿאַרונג
מיט אייער עקסעלענץ. זשידאָווקעס, זאָגט דער גענעראַל...
און אנדערע איז פֿרעמד דערדאָזיקער געפֿיל?..

**ק אָ נ אָ פ י ט אָ ו.**

עס זיינען דאָ בא אונדז כאַבארניקעס, דאָס ווייס איך.
געוויס אָבער—דערינען בין איך זיכער—ניט אומזיסט,
פֿאַרגלייכסטו זיי מיט פֿאַרשאָלטענע זשידאָווקעס...

**י א נ ע ק.**

(ווי ער וואָלט זיך אָנגעקליבן מיט מוט, נאָך א פויזע).

אַייער עקסעלענץ!
ניט זשידאָווקעס געשטערט האָבן מיין רו...
אַן אנדער זאך צושיטערט ט'מיין געמיט.
עס האָט אַ צווייפל מיך געפלעפט, ער לאָזט ניט רוען.

**ק אָ נ אָ פ י ט אָ ו.**

אַ צווייפל? אין וועמען ס'טו גענומען צווייפלען?

**י א נ ע ק.**

מיר איז שווער. איך סאָפּעק שטאַרק, אויב איר צו מיר
דעם צוטרוי נויטיקן וועט האָבן... נאָר כ'בין גענויט צו זאָגן אלץ.
באגעגנט האָב איך זיך מיט שוידערלעכע פֿאַקטן,
וואָס זיי גערויבט האָבן דעם שלאָף מיינעם און מוט.
איר ווייסט, ווי שווער ס'איז פֿאַר אונדז די נעסטן פֿון קראמאָלע
צו אנטדעקן. איר ווייסט, ווי מיר יאָגן זיך נאָך טאמאשן,
נאָך סטאכן און קענען ניט אנטדעקן זייער אָרט.
איך האָב געפֿילט עס איז פֿאַראַט... און איך אליין...
איך האָב באשלאָסן זיך צו נעמען פֿאַר דער זאַך...
איך האָב אָנגעקניפּט באקאַנטשאַפֿט...
איך האָב א צוטרוי שוין געקראָגן... בא...

**ק אָ נ אָ פ י ט אָ ו.**

בא? פֿאַרוואָס דערציילסט ניט ווייטער?

**י א נ ע ק.**

באַ א פֿרוי... וואָס... ווער ווייס...

**ק אָ נ אָ פ י ט אָ ו.**

די מאַיסע איז א שיינע, נאָר... פֿאַרוואָס גראד היינט
עס קענען גלייך אף מיר ניט קוקן דיינע אויגן?

(מען קלינגט).

ווער איז דאָרט? איך האָב קלינגען ניט דערלויבט.

**ס ט ו פ י ן.**

(פֿון הינטערן וואנט)

אַ דעפעשע אַ געהיימע... אויסערסט וויכטיק...

**ק אָ נ אָ פ י ט אָ ו.**

קומט אַריין.

### קאָנאָפּיטאָוו.

פון פעטערבורג... אויסערסט וויכטיק...
און פאַן זשעראָמסקי, גלויב איך, דאַרף דאָ בלייבן.
(גיט איבער קאָנאָפּיטאָוון די טעלעגראַם. ער קוקט אריין, טוט אַ קוק אַף יאַנעקן און אין דער טעלעגראַם. צו יאַנעקן).

### קאָנאָפּיטאָוו.

יאָ... ניש קאָשע...
נו, וועסט עפּשער פאַרזעצן דיין מאַיסע?
אָדער... עפּשער פאַרזעצן זאָל איך?
איז ווער געווען איז דאָס מיידל,
מיט וועלכער דו האָסט אָנגעקניפּט באַקאַנטשאַפט?
עפּשער רופט מען זי גאָר ביילקע?
און עפּשער זי געווען איז בא אייך, ווען איך בין דאָרט געווען,
און עפּשער זי מיט דיר האָט אָנגעקניפּט באקאנטשאַפט?
(קוקט אַף אים אַ ווײַלע. פּויזע).
נו, פּשאַ קרעוו, ווען ווערסטו באַגליקן אונדז
מיט איינונייניציק וואָרט כאָטש?
(גיט אים די טעלעגראַם אין האַנט).
דו זעסט אַ טעלעגראַם? עפּשער קענסטו וועגן איר וואָס זאָגן?
(לויפט דורך דאָס פּאַפּיר. עס טרייסלען אים די הענט).

### יאַנעק.

איך ווייס ניט... איך קען ניט זאָגן גאָרניט...
איך קען ניט, גראַף פּאָטאָצקי...
(מען קלינגט אין טעלעפאָן. קאָנאָפּיטאָוו נעמט דאָס טרייבל).

### קאָנאָפּיטאָוו.

אַל-לאָ! יאָ. וואָס!? נאָכאַמאָל, ווער רעט דאָס?
יאָ... ווער באַראַבעוועט? וועלכן באַנק?
יאָ!... יאָ!... יאָ!... אַרעסטירטע...
פון... אַהערצו גלייך אַ ראַפּאָרט...
(וואַרפט דאָס טרייבל, לויפט אַוועק איבערן צימער).
אויסשיסן איז וויניק.
אינמיטן העלן טאָג באַראַבעוועט אַ באַנק?
אַרויספירן פון טפיסע אַזויפיל אַרעסטירטע.
ווער געוועלטיקט איבער פּוילן?
די מאַכט פון דער רוסישער זעלבסטהערשונג.
אָדער... פּאַראַט פון פּאָליאַקן און פון זשידעס!?..
(צו יאַנעקן).
נעמען מוז אַ סאָף און באַלד!
צוויי וועגן זיינען דאָ פאַר דיר און פאַר דיין פאָטער:
גלייך אַנטדעקן דעם פּאַראַט.
אָדער—
גלייך אַוועקגיין אַף דער טליע.

### יאַנעק.

איך ווייס ניט, וועלכן וועג וועט אויסקלייבן דער פאָטער,
איך, מיין וועג, האָב שוין באַשטימט...
דערלויבט אַוועקגיין.
פאַר אייך ז׳בא מיר קיין ווערטער מער ניטאָ.

### קאָנאָפּיטאָוו.

און בא מיר איז דאָ—אַ קויל!... גיי!
(צו סטופינען, נאָך דעם ווי יאַנעק פאַרשווינדט).
מען דאַרף אַהערצו ברענגען דעם אַלטן פאַן זשעראָמסקי
און זיין פרוי. איך ווייס ניט, ווי מען טוט,
זיי דאַרפן גאָרניט וויסן.

### יאַנעק.

(שטעקט אריין דעם קאָפּ, מיט גיפּס).
איך קאָן פאַרלייכטערן אייך.
מיינע עלטערן געפינען זיך בא מיר אין קאַבינעט.
אַריינגעפירט אהער אָן דערלויבעניש פון שעף
און פון זיין קנעכט—פּאָלקאָווניק סטופּין.

### קאָנאָפּיטאָוו.

שטיי! אַהערצו קום! סטופּין וועט זיי רופן.
און דו—פון דער זייט וועסט אַרויס. ביסט אַרעסטירט
און טאָרסט זיך ניט באַגעגענען מיט זיי.
(יאַנעק אָפּ לינקס. סטופין שטייט אויסגעצויגן און וואַרט אַף אַ באַפעל. קאָנאָפּיטאָוו וואַרפט זיך אין פאָטערשטול. רייבט דעם שטערן).
אַ גלעזל ספּירט און וואָס פאַרבייסן...
מען דאַרף מיט זיי איצט שטיל, געלאַסן ריידן.
(סטופין לויפט פלינק צו איינעם פון די שפאַלטן. באַלד פליט ארויס אַ דינער מיט א טאַץ אין האַנט. קאָנאָפּיטאָוו טרינקט אויס פלינק אַ גלאָז ספּירט. באַלד טוט ער אַ הויב די אויגן אַף סטופינען. פּויזע. סטופין שטייט אויסגעצויגן אין דערוואַרטונג).
איצט קאָנסטו שיקן זיי אַהער.
באַגיי זיך העפלעך דאָרט מיט זיי.
(סטופין אַ ווונק „סלושאיוס" און אָפּ. פּויזע. קאָנאָפּיטאָוו הויבט זיך אויף. שטעלט זיך רעכטס אין דערוואַרטונג. עס קומען אריין סטאַניסלאַוו און מאַריאַ. קאָנאָפּיטאָוו נייגט זיך העפלעך).

### קאָנאָפּיטאָוו.

זיצט, איך בעט אייך,
צו שפּעט אַביסל,
און ניט באַקוועם איז אויך די אויסשטאַטונג
פאַר געסט אַזעלכע הויכע און געאַכטע.
נאָר וואס קען טאָן אַ מענטש אַזאַ, ווי איך?
אַף מיינע פּלייצעס ליגט אַזאַ האַכבאָרע.
די לאַסט פון אַיינהיטן אַ מאַכט איז זייער שווער,
באַזונדערס דאַן, ווען אומעטום עס לאקערט אַיין דער סוינע.
זיצט, איך בעט אייך.
עס איז אַן איניען דאָ, אַביסל אַ געהיימער...

### מאַריאַ.

(אַ בלאַסע, אַן אָנגעשטרענגטע. שטייט).
ווו געפינט זיך איצט מיין זון,
דאָ ניט לאַנג האָט איר גערופן אים צו זיך?

### קאָנאָפּיטאָוו.
(טוט אַף איר א קוק בייז. באלד ווערט ער מילד, געלאסן).

מאַדאַם, איר קענט זיין רוּיִק.
עס האט מיט אים קיין שלעכטס, כאָלילע, ניט געטראָפן,
אָבער...
איר ווייסט, מאַדאַם, ער איז נאָך יונג,
ניט אַלץ איז מעגלעך אים פאַרטרויען,
באַזונדערס דאַן... ווען... עס איז מיר שווער צו ריידן...
איך בין אויך אַ פאָטער, איך ווייס דעם טאַם פון ליידן...
עס איז ניט גרינג אין האַרץ פון פאָטער-מוטער
מיט אַ גיפטיק קויל צו טרעפן.

### מאַריאַ.

אַ גיפטיק קויל? אין האַרץ פון פאָטער-מוטער?
פאַרברעכנס קען דאָך ניט באַגיין מיין זון.
און אויב געשטרויכלט ווי איז ער געוואָרן,
איז ער דאָך יונג, און איר... איר האָט אַליין געזאָגט:
איר ווייסט דעם טאַם פון ליידן...

### סטאַניסלאַוו.

הער גענעראַל...
מיין זון האט זיך מיט וואָס פאַרשולדיקט?
איך בין אַן איבערצייגטער מאָנאַרכיסט
און מיט מיין ברוסט וועל איך דעם טראָן
און דעם מאָנאַרך באַשיצן.

### קאָנאָפּיטאָוו.

איך בין גערירט און שטאַרק בין איך צופרידן,
וואָס גראד פון אייער מויל איך הער אַזעלכע ווערטער.
פון אַדל פוילישן די קרוין פאַר אונדז זייט איר,
און יעדעס אַייער וואָרט אַ וועקסל איז פאַר מיר.
נאָר...
עס איז, צו מיין פאַרדרוס, אַ פעקל פאַקטן דאָ,
וואָס...

### סטאַניסלאַוו.

פאַקטן?...
גענעראַל, אין סטאַדעס טרעפט אַ מאָל א שאָף מיט קרעץ,
און אויב דער שעף איז איבערצייגט,
אַז ערגעץ ווי געפינט זיך צווישן אונדז אַ שאָף אַזאַ אַ שלעכטע,
טאָ העלפט אונדז, גענעראַל, פון איר זיך צו באַפרייען.
דער אַדל פוילישער איז ריין און אויסער יעדן כשאַד.

### קאָנאָפּיטאָוו.

עס צווייפלט קיינער ניט דערין,
איר ווייסט—
צו פוילן ווערט אַ שטעלונג גאר אַ נייע איצט גענומען.
מאָמעש טעג, שפעטסטנס וואָכן—
און טיף באַפרידיקט עס וועט זיין
די הייכע פוילישע געזעלשאַפט.
אַ מאַניפעסט אַ נייער ווערט געגרייט שוין גאָר פון לאַנג.

נאָר יעדעס מאָל, ווען ס'קומט די צייט צו פובליקירן,
קומט אָן פון ערגעץ אַ יעדיע גאָר אַ שלעכטע,
וואָס דערלויבט אונדז ניט דעם ברודער-טראָט צו מאַכן.

### סטאַניסלאַוו.

הער גענעראַל,
איך ווער אומרויִק ביז גאָר.
עטוואָס שרעקלעכעס געמוזט האָט דאָ פאסירן
מיט מיין זון. עס ציטערט אוף דאָס אדל-בלוט אין מיר,
ווען איך דערמאָן זיך, אז מיין יאן...

### מאַריא.

יאן איז יונג און גאָר.
און נאָר אַ שטיפעריי געקאָנט האָט ער באגיין.
איר דאַרפט אים מויכל זיין, מיין קינד.

### קאָנאָפּיטאָוו.

יאן... ווען דאָס געווען וואָלט נאָר יאן,
וואָלט איך אייך, גלויבט, אַהערצו ניט געבראַכט
אום האלבער נאכט. די מאדאם האָט רעכט:
(ווענדט זיך מיט א שמייכל צו מאריאס זייט).
אַ יונגער מענטש קען מאכן פאַלשע טריט גאָר גרינג
און נאָך גרינגער איז אונדז פאַריכטן זיינע גרייזן.
ווען דאָס געווען וואָלט נאָר יאן...

### סטאַניסלאַוו.
(הויבט זיך אוף פון זיין אָרט, טוט איין סעקונדע א קוק אַף קאָנאָפּיטאָוון).

איז הייסט דאָס ניט נאָר יאן?
אָדער... עפשער גאָרניט יאן?...
פאַרוואָס זאָל קלאָר און אָפן דאָ...

### קאָנאָפּיטאָוו.
(זייער העפלעך, ווייך).

עס איז פאַרדראָסיק שטארק און ס'טוט מיר וויי,
וואָס אַף מיר צו אייך אין הארץ פארגאנוועט זיך אַ כשאַד.
איך מוז אייך זאָגן—
אויב קומען וועט אַ מאַניפעסט—און קומען וועט ער זיכער—
האָט איר פארדאנקען דאָס נאָר מיר.
איך וויס... איך האָב דאָס אומעטום געפילט—
אַ ווינטעלע אַ קאַלטס עס וויעט ערגעץ ווי פון אייך צו מיר.
נאָר—אַ באשלוס אַזאַ האָב איך פאַר זיך געמאכט.
ניט ווערטער—
מאיסים וועלן אייך די ריינקייט פון הארץ מיינעם דערוויזן.
און אויב איך דערלויבט האָב זיך פאַרבעטן אייך אהער
אין שפעטער נאַכט—
איז ניט אַף אויספרעגן, דערטאפן וואָס פון אייך—
אַף קלאָר מאכן האָב איך אהערצו אייך גערופן.
איך דאַרף אַ ראַפּאָרט איצט אין קרוינשטאָט שיקן.
אן לעצטן וואָרט אן מיינס עס הענגט אצינדערט אָפּ
דער גרויסער מאַניפעסט, און גראָד אָט היינט,
איך האָב באקומען אַ יעדיע... איר פאַרשטייט...

איך קען ניט כאַסמענען דעם ראַפּאָרט...
איך מוז דאָס מאַכן קלאָר.

סטאַניסלאַוו.

שוין קען ב׳אייך פאַלן אַ כשאד אף אונדז?

קאָנאָפּיטאָוו.

נו... איך קען ניט מאכן גאָרניט... איך מוז...
איך בין געגויט אַנטפּלעקן אייך און איניען גאָר געהיימען.
(פויזע. ער ציט זיך אויס, בויגט זיך איבערן טיש צו סטאַניסלאַוון, ווי ער וואָלט אים געוואָלט זאָגן אַ סאָד).

די רעוואָלוציע—
באַ אייך אין שטוב האָט אויסגעפלאַכטן זיך אַ נעץ.

סטאַניסלאַוו.

וואָס?!

מאריא.

אַ—אַ!
(כאַפּט זיך פאַרן הארצן).
באַ אונדז אין שטוב... אַ נעסט פון רעוואָלוציע?!...
(ווערט זייער בלאַס. עס הויבן אָן ציטערן אירע הענט).
באַ אונדז אין שטוב!...
אָ, הייליקע מאַריאַ... באַשיץ... באַשיץ אונדז!..
(צו קאָנאָפּיטאָוון).
פּיליכט אָן אונדזער וויסן?...

קאָנאָפּיטאָוו.

פּיליכט... איך וויל דאָס גערן גלויבן.
דעריבער...
(ווענדעט זיך צו סטאַניסלאַוון).
איך וויל איין פראַגע אייך אוועקשטעלן,
און איר—איר ענטפערט גלייך און פראָסט.

סטאַניסלאַוו.
(בלאָס האלט איין זיין אומרו).

איך האָב קיין זאַך ניט צו באהאלטן.
פאַרקערט, איך וויל מיין נאָמען ריינוואַשן אַצינד.
פרעגט.

קאָנאָפּיטאָוו.
(שטעלט אָף אים אוועק אַ פּאָר שפּירנדיקע אויגן).

באקאנט פּיליכט איז אייך אַ גראַף אַזאַ, וואָס הייסט — — — —
פּאָטאָצקי?

סטאַניסלאַוו.
(ציטערט אוף).

וואָס?! פּאָטאָצקי?!
(ווערט בלאַס).
גראַף... פּאָטאָצ...

קאָנאָפּיטאָוו.
(ציט זיך אויס. שאַרף).

איר זייט געוואָרן בלאַס?
איך דאַרף שוין, הייסט עס, מער פון אייך קיין ענטפער?
(טוט זיך שאַרף אַ קער צו מאריען).
מאַדאם, פּיליכט ט׳איר אויך פאַרענטפערן אַ פראַגע?
עס איז באַ אייך אין שטוב געווען אַ מיידל, אַ זשידאָווקע,
ווען איך בין באַ אייך געווען?

מאַריאַ.
(ווערט שטארק צעטומלט).

אַ זשידאָווקע?... איך... איך ווייס ניט...
געוועזן איז אַמאָל א... זשידעק ב׳אונדז...
ער פלעגט זיך דרייען אַרום אונדז...
איר ווייסט דאָך, ווי זיי טוען שטענדיק...
איז אָט... דאָס איז זיין טאָכטער...
געקומען איז זי דאן צום זון... שטיפרייען פון אַ קינד,
איר ווייסט דאָך שוין..

קאָנאָפּיטאָוו.
(שפּירנדיק).

צום זון? און גאָר?
איז שולדיק, הייסט דאָס, נאָר דער זון?
גערן... זייער גערן גלויב איך אייך, מאדאם... נאָר...
אין איין און זעלבן טאָג דער גראַף און די זשידאָווקע?...
(ווענדעט זיך צו סטאַניסלאַוון)
גענעראַל, ווי רעכנט איר, אַ קינד בין איך׳ צי וואָס?
איר זעט, מיר ווייסן אַלץ, מיר ווייסן נאָך זאַכן אַסאך...
און... און בעסער וואָלט געווען, אַז אופריכטיק זאָלט איר
פאר מיר אָט—דאָ דעם קנויל פאַרפּלאָנטערטן צעוויקלען.

סטאַניסלאַוו.

איך קען ניט די זשידאָווקע, איך ווייס ניט ווער זי איז.
איך וויל איין זאַך—
פאַר אייך, הער גענעראַל, זאָל ווערן קלאָר:
מיך עקלט און מיך שוידערט פון פאַרגלייכן זיך מיט איר.
נאָר... אויב גענויט בין איך אַזאַ פאַרגלייכונג מאכן,
סאָ ווייסט, הער גענעראַל, איך בעט איר זאָלט דערין ניט צווייפלען:
אומעטום און שטענדיק נאָר מיט אייך צוזאמען
ווער איר אין קאַמף מיט „זיי" מיין פלאַץ געפינען.

קאָנאָפּיטאָוו.

מיט אונדז צוזאַמען?
היינט ווי זשע קומט דאָס פאָרט, אַז— — —
אין איין און זעלבן טאָג... דער גראַף און די זשידאָווקע?...
אז אף דירעס אומלעגאַלע, שטרענג געהיים
עס קומען זיך צונויף אי פּאָליאַקן, אי זשידיוהעס?...

סטאַניסלאַוו.

עס איז ביז גאָר דער אדל פוילישער באַליידיקט,
ווען אים פאַרגלייכט מען מיט דעם נידעריקסטן כלאָפּ.
ווי קומען מיר צו זיי און וואָס געמיינזאמעס
עס קאָן אונדז ווו פאַרבינדן?
יענע זיינען קנעכט און ב׳אונדז פון הינטער טיר זיי גייען.

קאָנאָפּיטאָוו.

און יאן?
אייער זון צו וועלכן שטאַנד זאָל איך פאַרעכענען?
מיט דער זשידאָווקע אף אַ זיצונג שטרענג געהיימער...

אַף אַ דירע אומלעגאַלער...
דער גראַף... און יאַן...

מאַריאַ.

יאַן! אַף אַ זיצונג שטרענג געהיימער?...
אַף אַ דירע אומלעגאַלער?
(גייט אָפּ אָן אַ זייט).
וואָס האָב איך געטאָן... וואָס האָב איך געטאָן!...

סטאַניסלאַוו.

דער גראַף... און איך... און אַדל פּוילישער אינגאַנצן—
מיר ווילן דאָס, וואָס איר איצט גרייט אין אייער מאַניפעסט.

קאָנאָפּיטאָוו.

(קוקט אַף אים כיטרעוואַטע, אויסהייבנדיק איין ברעם).
אָט דאָס? און גאָר?
איז הייסט דאָס יאַן ניט שאַיעך צו דעם גראַף?

סטאַניסלאַוו.

ניין!
ער איז אַ קינד און גאָר.
און ס'האָט דעם קאָפּ זיינעם פאַרדרייט אָט די זשידאָווקע.

קאָנאָפּיטאָוו.

יאָ? זייט איר, הייסט דאָס, מיט אונדז?

סטאַניסלאַוו.

געוויס!
דער אַדל פּוילישער וועט שטענדיק זיין מיט אייך!

קאָנאָפּיטאָוו.

אַ וואָרט?
(שטרעקט אים אויס די האַנט).

סטאַניסלאַוו.

(גיט אים די האַנט).
פון אַדלמאַן אַ וואָרט.

קאָנאָפּיטאָוו.

קאָן איך כאַסמענען דעם ראַפּאָרט?

סטאַניסלאַוו.

געוויס!
און איך, אלס אַדלמאַן, פאַרזיכער—
צו הילף מיר וועלן שטענדיק קומען אייך אין קאַמף מיט זיי.

קאָנאָפּיטאָוו.

דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז אַלץ וועט זיין צו גוטן.
אַף אונדזער צאַד אויב ס'שטייט דער אַדל,
איז גוט ביז גאָר,
מיר זיינען פעסט.
און קעדיי איר זאָלט די פּריינטשאַפט אייערע דערווייזן,
און אָפּוואַשן פון זיך דעם פלעק.
איר דאַרפט מיר העלפן נאָר איין זאַך:
באַ אייער זון דערגיין, אַוווּ געפינט מען די זשידאָווקע.
ווייל...
אויב ניט...

מיט אייער זון איז שלעכט ביז גאָר.
עס דראָט אים... טויט!

מאַריאַ.

טויט?! מיין זון?!
עס וועט ניט זיין!
איך וועל מיין זון ניט לאָזן טויטן!

סטאַניסלאַוו.

גענעראַל...איר ווילט אַף אייער זייט דעם אדל פּוילישן געווינען?...
איך בעט אייך, גענעראַל... מאַכט ניט אַזאַ טראָט...
מיין איינציק קינד...
ס'וועט זייער פיל דער פריינטשאַפט שטערן...

קאָנאָפּיטאָוו.

עס איז אָן מיר ניט אָפּהענגיק אצינד.
אָן אייך! אָן אים!...
מיר מוזן האָבן די זשידאָווקע.
איך שיק אים גלייך אַהער,
און אייער זאַך איז ווירקן דאָ אַף אים.
(קאָנאָפּיטאָוו פלינק אָפּ, פריזע).

סטאַניסלאַוו.

נ-נו, מאריא, פיין דערלעבט!
איך, אַ גענעראַל, אַן אַדל-זון פון פוילן, אַ פּוילישער מאגנאַט—
איך באַשולדיקט ווערן דאַרף אין אומלעגאַלע דירעס,
אין פאַרזאַמלונגען געהיימע, אין באַציִונגען מיט כלאָפּעס.
איך, וואָס קען ניט אָנקוקן די זשידעס,
איך דאַרף זיין פאַרמישפעט מיט עפעס אַ זשידאָווקע
אין איין איניען.
וואָס קומט דאָ פאָר? איך ווער מעשוגע!
פאַר אדל פּוילישן, ווי וועל איך קענען ווייזן מיינע אויגן?
און גראָד... אַ צייט אזא אַ גוטע...
קרוינשטאָט גרייט אַ מאַניפעסט פאַר אונדז...
פאַרווירקלעכט ווערן שוין די בעסטע טרוימען.
די ווירקונג פוילישע הויבט אָן זיך צו פאַרשטאַרקן
און דאָ...
איך—
און עפעס אַ זשידאָווקע.
עך, אַ פאָלק, פאַרשאָלטן זאָל עס ווערן!
אין לאַנגע פייסעלעך, אין לאפסערדאַקעס לאַנגע,
ווי מייז זיי קריכן אומעטום ארום...

מאַריאַ.

(וויינט, זייער אופגערעגט).
יאָ, שוין צופיל דרייען זיך די יידן צווישן פיס.
אַ פאָלק אַזאַ פון לייט און גאָט פאַראַכט,
געמעגט האָט זיצן שטיל... ניט שטעקן אומעטום די נאָז,
זי, ט'דעם זון מיינעם געפּאַטערט, זי...

סטאַניסלאַוו.

צו שפּעט האָסטו באַגריפן, צו שפּעט האָסט זיך געכאַפּט.

### מאַריאַ.

ליידן לערנען... זיי מוידע,
ניט איך אַליין האָב פֿעלערן באַגאַנגען.
שולדיק אויך בינסטו.
יאַנעקן אַהער צו וואָס האָסטו געשיקט?

### סטאַניסלאַוו.

(איין טראט צו איר פעסט).

צוליבן מאַניפֿעסט!
אָט פֿאַרוואָס געשיקט האָב איך אַהערצו יאַנען!
און דאָס האָב איך דערגרייכט,
נאָר דו און זיין זשידאָווקע...

(עס קומט אריין יאַן. סטאַניסלאַוו האקט אָפּ. לאַנגע דריקנדע מויזע, יעדער געפינט זיך אין זיין ווינקעלע).

### יאַנעק.

צו וואָס האָט מיך געשיקט אַהער דער שעף?
איך בין דאָך אַרעסטירט און טאָר מיט מיינע עלטערן ניט ריידן.

### מאַריאַ.

(פאַלט צו צו זיין ברוסט. וויינט שטאַרק).

מיין זון, מיין קינד...
עס האָט בײַ מויל דאָס וואַסער שוין דערגרייכט.
אַ רעטונג ברענג, מיין קינד, אי זיך, אי אונדז...

(פאַלט אף די קני. כאַפּט אים אַרום ציטערט פון געוויין).

עס איז מוכל אונדז דער שעף... סטאַניסלאַוון און דיר.

### יאַנעק.

וואָס ווילט איר?... כ'בין קראַנק... צובראָכן...
ביילקע איז ניטאָ... ביילקע איז ניט מיינע...
נו וואָס איז איצט פֿאַר מיר מעכילע?

(סטאַניסלאַוו ווערט אויפגעציטערט פון צאָרן. נאָר האַלט זיך איין).

### מאַריאַ.

אין דיינע הענט עס ליגט איצט אונדזער גורל...
דו זעסט, ווי בלאַס, געבויגן איז דער פֿאָטער,
ווי גראָ און אַלט עס איז דיין מוטער...
נו... וואָס איז דיר די יידישקע אָט יענע...

### יאַנעק.

(ציטערט אויף. ווייכט אָפּ די מוטער פון זיך. זי לאָזט זיך ניט).

מוטער!

### מאַריאַ.

קינד!... איך וועל ניט לאָזן דיך פון זיך.
דו מוזט... דו ביסט פֿאַרמישפּעט שוין צום טויט...
עס וועט ניט אויסהאַלטן דיין מוטער...
ווו... ווו איז ביילקע?

### יאַנעק.

(טוט אַ שטופּ פון זיך די מוטער, מאַכט צוויי טריט אַהינטער),

אַ?! וואָס?! וואָס דאַרפֿט איר ביילקען?
ער... ער האָט זי פון אייך געפֿאָדערט...
אַ קאָרבן פֿאַר...

(טוט אַ קוק אף ביידן. שטעלט זיך אָפּ מיט שאַרפע בליקן אף דער מוטער).

מוטער!... מוטער!... אויך דו?...
דו האָסט אַליין געזאָגט,
אַז גרייט בינסטו דיין לעבן אָפּגעבן פֿאַר פּוילן...
אַז מיטן פֿאָלק עס איז פון שטענדיק אָן דיין וועג...
מוטער...

### מאַריאַ.

קינד... איך האָב דעם וועג פֿאַרלאָרן...
אויב קענען גאָט עס איז דער וועג פון פּוילישער באַפרייונג,
אויב בלוט אַזויפֿיל קאָסטן דאַרף דער וועג...
קינד. עס שטייט פֿאַר מיר דער שאָטן פון דער טליע,
אף וועלכער ס'איז געווען געקעפּט מיין פֿאָטער
און איצט—מיין זון... מיין איינגיינציק קינד...
ניין, מיין זון... צופֿיל איז דאָס פֿאַר מיר...

### סטאַניסלאַוו.

צום לעצטן מאָל עס רעדט מיט דיר דיין פֿאָטער.
מיר הענגען אַלע איצט אף שאַרף פון כאַלעף,
און דו, נאָר דו קאָנסט ברענגען אונדז די רעטונג.
זאָג... ווו געפֿינט זיך ביילקע?

### יאַנעק.

טרעט אָפּ פון מיר!
איך ווייס ניט ווו איז ביילקע!

### מאַריאַ.

קינד, עס הענגט דיין לעבן אָפּ פון דעם.

### יאַנעק.

עס איז בא מיר קיין לעבן מער ניטאָ!
איך ווייס ניט ווו איז ביילקע!

### מאַריאַ.

(הויבט זיך אויף פון ערד און הילפֿלאָז און מאַכטלאָז גייט זי אַוועק איבערן צימער).

איך... איך אין אַלץ בין שולדיק, איך!...
אָט-דאָ, פֿאַר גאָט פֿאַר הייליקן, פֿאַר אייביקן אין וועלט
איך מוז אָט איצט מיין ווידע ברענגען...
איך האָב אים געשטויסן אַף דעם וועג!...
איך האָב אים אין ביילקעס הענט געבראַכט...
איכ'ל נעמען אין געריכט אַף זיך די זינד.
איכ'ל אַלץ דערציילן פון אָנהויב ביזן סאָף...

### יאַנעק.

(פאַרטיפט אין זיינע דאַגעס).

וואָס האָסטו צו דערציילן,
אַז איך אַליין האָב גאָרניט וואָס צו זאָגן.
איך בין אַריין צו סלאַווקען אין דירע...

אַף וורראָניע, ערגעץ ווייט...
און דאָרט... דאָרט געשעען איז...

מ אַ ר י אַ.

(קוקט אַף אים מאָדנע איין סעקונדע. גיט מיטאמאָל
א געשריי, ווי איר וואָלט געוואָרן ליכטיק אפן הארצן).

אַך, אַף וורראָניע!... איז דאָך מעגלעך נאָך,
אַז קומען זאָל די רעטונג!
(ציט זיך אויס. מאכט איין וואַקלדיקן טראָט אהינטער).

דאַן... דאַן ווייס איך!
איך וועל מיין זון ניט לאָזן גיין אַף טליע.

ס ט אַ נ י ס ל אַ ו,

וואָס?

י אַ נ ע ק.

אַ-אַ! מוטער!...

מ אַ ר י אַ.

איך מוז דעם כאַלעף אָפּווענדן פון האַלדז.
ביילקע איז אין וואָינונג נומער פינף
באַ אונדז אין הויז!

י אַ נ ע ק.

אַ-אַ-אַ!...

ס ט אַ נ י ס ל אַ ו.

(שפרינגט אויף, מאכט איין טראָט צו איר).

דו ביסט מעשוגע!...

(לויפט צו צו איינעם פון די שפאַלטן).

גענעראַל!

ק אָ נ אָ פּ י ט אָ ו.

(הייזט זיך פון רעכטס).

נו?

ס ט אַ נ י ס ל אַ ו.

אַלץ, ווי איר פאַרלאַנגט.
דער יונגער שנעק האָט זי באַ אונדז אין הויז פאַרשטעקט,
אין וואָינונג נומער פינף.
איר'ט מויכל זיין דעם יונג, ער איז פאַרנאַרט.

ק אָ נ אָ פּ י ט אָ ו.

עי, סטופין!

(עס באַווייזט זיך סטופין).

אין וואָינונג נומער פינף באַ פאַן זשעראָמסקי.
שנעל, דו ענטפערסט מיט דיין קאָפּ פאַר איר!

ס ט ו פּ י ן.

זייט זיכער, גענעראַל, אַ האַלבע שאָ—און זי איז דאָ.
(גייט אַרויס).

ס ט אַ נ י ס ל אַ ו.

עס קען שוין איצט ניט צווייפלען קיינער
אין טרייקייט אונדזערער דעם טראָן.
פריי און זיכער קאָנט איר כאַסמענען דעם ראַפּאָרט.

ק אָ נ אָ פּ י ט אָ ו.

וועלכן ראַפּאָרט?

ס ט אַ נ י ס ל אַ ו.

(קוקט אַף אים איין סעקונדע).

אָט-דעם... פון וועלכן אָפּהענגיק עס איז
דער לאַנג-געגאַרטער מאַניפעסט.

ק אָ נ אָ פּ י ט אָ ו.

(קוקט אַף אים איין סעקונדע. לאכט זיך ציניש פאַ-
נאַנדער).

כאַ-כאַ-כאַ!... מאַניפעסט?! כאַ-כאַ-כאַ-כאַ!...
איר וואַרט, איר האָפט אַף מאַניפעסטן,
און אָרדנט איין באַ זיך אין שטוב אַ נעסט פון רעוואָלוציע.
איר האָט געטראַכט—איר'ט שיקן אייער זון צו מיר,
איר'ט מאַכן כאַוועראַפּע מיט אונדז, און הינטער מיינע פּלייצעס
וועט איר אַ נעץ פאַרשפּרייטן פון פאַראַט?
א י ר, אַפּאַניס, האָט געמיינט וועט מ י ך פאַרנאַרן?
איר האָט זיך שטאַרק, מיין הער, פאַרזען...
מיר קענען די פאַליאַקן זייער גוט.
מיר ווייסן, ווען עס שפּאַרט פון אייך די כניפע,
און ווען איר ווילט אין רוקן אונדז אַריינזעצן אַ מעסער.
און אויב איך דערשטיקט אין זיך האָב דעם געפיל פון עקל
און באַ אייך אין שטוב געווען בין אַמאָל,
האָב איך מיין טראָט באַרעכנט,
כ'האָב אים געוואויגן און געמאָסטן!...
מאַניפעסטן ווילט זיך אייך, איר וואַרט אף מאַניפעסטן?
איר וועט באַקומען באַלד אַ מאַניפעסט—פון קריג-געריכט!
(גייט פלינק אַרויס פון צימער. פויזע).

מ אַ ר י אַ.

אָ!.. ווי שרעקלעך דאָס איז אַלץ, ווי שוידערלעך דאָס איז!...

ס ט אַ נ י ס ל אַ ו.

(שטייט א דערשלאָגענער באַ דער וואַנט).

מאַריאַ... מאַריאַ... וואָס איז דאָס?... ווו זיינען מיר?...
מאכט איין טראָט צו איר. מאריאַ פאַלט אף זיין ברוסט
און וויינט זיך שטאַרק פאַנאַנדער).

י אַ נ ע ק.

מיר זיינען דאָרט,
וווהין דו האָסט מיט פרייד אַזויפיל מיך געשיקט.
אין אָכראַנקע זיינען מיר!
(סטאַניסלאַוו מאכט עטלעכע וואַקלדיקע טריט, פאַלט
אין פאָטערשול, הויקערט זיך איין. קאַרטשעט זיך איין
און לאָזט אַרויס א טיפן קרעכץ).

פ אָ ר ה אַ נ ג.

ה. קאַמענעצקי.

# ל י ד ע ר

## פ ר י ל י נ ג.

און פרי איז נאָך געווען...
איך בין אַרויס פון איינעם אַן אַנשטאַלט,
האָט מיך באַגעגנט גייענדיק אַ שטראַל,
אַ שפּאָגל נייער שטראַל,
פון פרישן גאָלד און זונען-שיין געשלייפט,
און שטיל, און גרינג
דעם לעצטן שניי מיר אָפּגעווישט פון שלייף.

כ'האָב באַלד דערפילט, אַז ערגעץ טיף אין מיינע גלידער
אַזאַ מין טרייסט האָט זיך אַ ריר געטאָן פון אָרט,
און שטעלט אייך פאָר:
ווען כ'האָב אַזוי אַ קוק געטאָן אין נידער,
ווי ס'רויכערט זיך אַף אַלעמען דער פרילינג,
איז מיר געוואָרן אַזוי אומגעהויער זיס,
אַז כ'האָב דערנאָך אַפילע אויפגעהערט צו פילן
די האַרטקייט פון דער ערד אונטער די פיס.

און אַט:
אַצינד איז אוונטיק און עטוואָס קיל,
דערצו נאָך שטיל,
איך האָב אַליין באַם שפּיגל זיך פאַרבויגן
און איך בין גרייט מיט עמיצן צו גיין אין אַ געוועט,
אַז מיינע יונגע, מיינע גרויסע אויגן
האָבן קיינמאָל אַזוי גרויס נאָך ניט געזעט.

און פונקט ווי פריער אַפן גאַס
דערזעלבער טאַגנעג לענגערט זיך און לענגערט,
און כ'פרוו ניט אָנהויבן פאַרשטיין גאָר:
אַזאַ מין טרייסט, דאַכט זיך, קען אופלעבן נאָר דעמלט,
ווען ערגעץ דאָרט, דער טייוול זאָל עס נעמען,

אין ווייטן ניויאָרק, צי אַ שטייגער אין קאַנטאָן,
זאָל פלוצלונג ווייזן זיך אַ צווייטער סאָוונאַרקאָם.
— — — — — — — — — — — —

אַ פרילינגדיקער טאָג.
דו שטעלסט זיך פאָר—
אַ פרילינגדיקער טאָג אין מיטן פון ניויאָרק.
קומסט אָן פון רוסישע פון נידעריקע שטעט
און גייסט אַרום אין גאַס ווי ס'קען נאָר אומגיין אַ פּאָעט,
די גאַנצע צייט אין סעדער און אַף פּלעצער,
דערנאָך באַנאַכט, פאַרבלייבנדיק דער לעצטער,
גייסט ווידער אום פאַרזונקען און פאַרקלערט,
און הערנדיק דורך שטילקייט פון דער ערד
ווי ס'פּלאַצן אוף די פרילינגדיקע קנאָספּן,
דו זעסט א נעגערל באַווייזט זיך פון אַ בראָם,
גייסט צו און קויפסט באַ אים אַ שאַכטל פּאַפּיראָסן
אַ ווייסע שאַכטל מיטן נאָמען סאָוונאַרקאָם.

דערווייל איז אוונטיק און עטוואָס קיל,
דערצו נאָך שטיל,
אַ ווייטער שטערן קוקט אַראָפּ פאַרקלערט
און זעט, ווי כ'ענדיק שוין דעם לעצטן פערז.

ווערט דורך אַ וואָך אַ צווייטע און אַ דריטע,
מיין ליד וועט אָנקומען אַהינצו אין ניויאָרק,
נאָר יענער פרילינג-טאָג נאָך ניט צובליטער
וועט בלייבן הענגען אַף מיין גרינעם שטאָר...

אין קלאָרע טעג, אין טונקעלע פאַרנאַכטן
וועט שטענדיק שווינדלען פאַר מיין אויג דער בראָם,
ביז כ'וועל ניט קויפן אין אמעריקע די שאַכטל
די ווייסע שאַכטל מיטן נאָמען סאָוונאַרקאָם.

---

## אַ פ ל ע מ ל.

פאַר שטיבלעך פינצטערע, וואָס שטומען אפן ברוק
אַזויפיל ברויז האָב איך געבראַכט אין מיינע גלידער,
נאָר יעדער שטיבל אונטער נאַכט האָט זיך פאַרוקט,
ווי ס'וואָלט זיי גרינגער זיין אין שווערקייט און אין גליווער.

איך לאָז זיך ווייטער מיטן ווינטישן גערויש
דורך געסלעך אָפענע, וואָס וויקלען זיך אין שאָטן,
איך קען נאָך אלץ אָבער ניט אָפּקילן מיין ברויז,
ווי ס'קען ניט אָפּקילן די ערד איר הייסן אָטעם.

און אומעטום, ווו ס׳טראָגט זיך נאָר מיין קאָפּ
האָט אַלץ די נאַכט אַרומגעזוימט מיט אומעט,
און קיינער ווייזט זיך ניט,
און קיינער שטעלט ניט אָפּ
דעם ווילדן יאָגן פֿון מיין אומרו.

נאָר אָט, א פֿענצטער שווימט ארויס פֿון אונטער ווינט
און דעקט מיר איין מיט אַזאַ ליכטיקייט די ברעמען,
מיט אלע טיפֿן מיינע צי איך זיך אַהין,
אַהין, ווו ס׳ווינקט צו מיר פֿון אינווייניק דער פֿלעמל.

אַ ווייכע שיין ליגט צאַרט אַף מיין געזיכט,
נאָר כ׳בלייב אַלציינס אין ברויזיקייט געפּענטעט,
ווען כ׳וואָלט עס קענען בא א פֿלעמל פֿון אַ ליכט
פֿאַר זיך אַנטלייען אָט די רויִקייט פֿון ברענען.

---

## פֿאַר אַ פֿאַרזאַמלונג.

אַפֿן טישל ווו ס׳לעשט זיך די זון
שטייט אליין דער אַנטשוויגענער גלעקל.
עפּעס ווילט זיך מיר איצט מיט אַ קלונג
אינדערלופֿטן דעם אומעט צוברעקלען.

איך האָב לאנג שוין אַזוי ניט געבענקט
נאָך אַ פֿריילעכן מענטשלעכן אומרו.
כ׳ווייס אַליין ניט פֿאַרוואס און פֿאַרוועז
בין איך עס דער ערשטער געקומען.

שוין אַ צייט, אַז איך זיך דאָ אַליין
מיט בליקן געשמידטע צו שוועלן,
וואָלט כאָטש עמיצער קומען צוגיין
און פֿאַרווישן מיין עלנט.

אַך, ביז וואנען אין שטילן אַרום
וועט נאָך הענגען דער אומעט פֿון וואַרטן.
מיטאַמאָל—און אַ ליכטיקער פֿונק
צינדט זיך אָן אין מיין הארצן.

מיין מידער צושויבערטער קאָפּ
פֿלאַטערט אופֿעט אין צוואַנגען פֿון פּלייצעס,
נאָך א ווײלע און באלד וועט מיין טראָט
מיט צאַרטקייט די שוועלן פֿאַרפּלייצן.

און איך בין געגרייט און געגרייט
דערציילן אַפֿילע דעם אומעט,
פֿאַראַן אף דער ערד אזא פֿרייד—
דערזען זיך דעם ערשטן אין קומען.

---

## אין מיטן פֿון אַ נאַכט.

איך כאַפּ זיך אוף נאָך ווען אין מיטן פֿון אַ נאַכט
מיט שטומער אייליקייט אין אופֿגעריסן הארצן,
ווי כ׳וואָלט באדארפֿן ערגעץ אַף דער וואַך
זיך לאָזן גיין אין אָנגעשטרענגטער הארטקייט.

איך נעם אַ צי טאָן זיך מיט שטייגנדיקע הענט
צו קאַנטן טונקעלע פֿון איינגעוויגטע ווינקלען,
ניטאָ, ניטאָ שוין דאָ די ביקס אַרום די ווענט,
איר קאַלטע נאָענטקייט שוין מוטיקט ניט די פֿינגער.

נאָר ס׳איז פֿאַרבליבן דער אַמאָליקער שינעל—
אַ שטילער אָנדענק פֿון פֿאַרגאַנגענע געשלעגן,
און ער דערמאָנט אָן אָוונטן אין פֿעלד,
אן יענע טעג אַף העפֿקערדיקע וועגן.

הויבט אָן דאָס הארץ ארויסצוגיין פֿון ברעג
און טראָגט מיך אָפּ אהינצו אַף די שליאַכן,
ווו ס׳האָבן טויזנטער צולייגט זיך אַפֿן וועג,
אַז טויזנט אַנדערע אַפּסניי זאָלן דערוואַכן.

אַזוי גייט דורך אַ רעגע, אָדער צוויי
ביז כ׳פֿאַל ארונטער זינקענדיק אין דרימל,
אָן אַנדערש מאָל אָבער דערזע איך גאָר אַזוינס,
וואָס נעמט צווינגן מיך און טרייבן איבער צימער.

פֿאַרביי די פֿענצטער, ווי אַ וואָגלענדיקער בלאַס,
פֿליט דורך אַ געגנט, אַ פֿאַרבראָכענע אין לאַסטן,
און כ׳זע ווי ס׳טרויערן אין אוראַלטן באַגדאַד
פֿאַרנויגטע טשאדרעס אַף די אויסגעקרימטע גאַסן.

ווערט שווער אין הארץ פֿאַר אַלץ וואָס איז בארוט,
כאָטש גיי ארויס און לאָז זיך איבער מיילן,
און דאַרטן אָנעמען די אויסגערוטע רו
און זאָל צושטויבט ווערן אין רויכן אירע ציילן.

---

## אין גאַס.

אַזוי ווי שטענדיק האָט זיך אופגערירט די שטאָט
און ווידער שיט זיך אַ געווימל איבער גרונטן,
איך גיי אַרויס און זע ווי אונטער טראָט
איז יעדער שטיין אין זונען-גאָלד פאַרטרונקען.

אַנטקעגן מיר מיט איילנדיקע טריט
אַזויפיל מענטשן שווימען אַלץ און שווימען,
און איך ווי אַלעמאָל שעפ אָנעט מיטן בליק
די פריע ליכטיקייט, וואָס שפרייט זיך אונטער הימל.

איך זאָג ווי אַלעמאָל, נאָר ניין ס'איז ניט אַזוי,
מיין הארץ האָט אַנדערש היינט, גאָר אַנדערש זיך צוריגלט.
איך שפּאַר זיך אָן אַ ווילע אָן אַ פּלויט
און טוליע צו מיין אַקסל צו די ציגל.

באַם שטילן פלויט איך שטיי אַזוי און קוק,
ווי יעדער בליק מיט טאַינע איז פאַרצויגן,
און איך דערפיל, אַז מיר איז ווייט נאָך ניט גענוג
דער ענגער שניט פון מיינע נאָגנדיקע אויגן.

איך הויב זיך אוף, נאָר כ'טוליע זיך צוריק,
און אַלץ אין מיר צוריגלט זיך ביז ווייטיק.
איז ווי, מיין וועלט, זאָל איך דיך שמעלן מיטן בליק,
ווען ס'ווילט זיך נעמען דיך אין אַלע דיינע ברייטן.

---

## אַ גאָלדענער זשאַר.

אַ גאָלדענעם זשאַר ווער פאַרשאַרט עס אין הימל,
אַ גאָלדענעם זשאַר,
דאָס צייכנט שוין אָוונט אף שקיע דעם גימל,
דעם גימל פון גזאַר.

און ס'אַרט גאָרניט קיינעם פאַר ליכטיקע ווילעס,
וואָס טליען אין הויך,
וואָס ערגעץ דערברענען דאָרט גאָלדענע מיילן
אין טונקעלן רויך.

פאַרוואָס-זשע בין איך עס מיט שטאָלצע שוואַרצאַפּלען
ביז ליידן פאַרפאָלגט
אַף מיטפילן שטענדיק דעם איינזאַמען צאַפּל
פון שטאַרבנדן גאָלד.

כ'וואָלט אויך עפּשער בענקענדיק וועלן פאַרהיטן
אַ גלייכגילט צום רוים,
נאָר וואָס זאָל איך טאָן מיט מיין אייגענעם ציטער,
וואָס ריזלט אין שוים.

מיין וועזן פאַרבויגט זיך אַריבער די ברעגן
פאַר ליכט, וואָס גייט אויס,
נאָר זינק ניט מיין מוט ווי אַן עלנטער זעגל
אין וועלטישער גרויס.

איך ווייס, אַז אָט איצטער אַף ערגעצן רונדע
פון ערדישן באַרג,
צוברענט זיך אין אומבייט פון ליכט און פון טונקל
אַ גאָלדענער זשאַר.

---

## אין גריבער.

ווי וואַסער רוישיקער אַף רעדער פון אַ מיל
פאַרגייט איר טעג מיינע אין דורכזיכטיקע ווייטן,
און איך צוביסלעכווייס פאַרגעס שוין ווי מען צילט
מיט שאַרפן בליי אין גרייפנדיקע רייטער.

נאָר איינס פאַרגעסן איז מיר קיינמאָל ניט באַשערט
(און איך האָב דעמלט נאָך קיין לידער ניט געשריבן):
ווען איך פלעג לייגן א ליד אונטער געווער
באַ שטילע פייערן פון טליענדיקע שטיבלעך.

איך פלעג זיך איינזויגן מיט הונגעריקן בליק
אין שורעס פרעמדע נאָך צולאָפּענע אף זייטלעך,
נאָר אָפּט פון ערגעץ—פון אַ טייך, צי פון אַ בריק—
אַ הייסער קנאַל פלעגט זיך אַ שליידער-טאָן אין ווייטן.

און מיר איז גרינג געווען מיט אומרו און געמיט,
כאָטש איך האָב דעמלט נאָך קיין לידער ניט געשריבן,
ווען מיר פלעגט אויסקומען אין מיטן פון אַ ליד
מיט שאַרפן בליי צוהאָגלען זיך אף גריבער.

---

ע. קאהאן.

# די ליימענע קאַלע.

I

אָט צו וואָס עס האָט זיך דערטראַכט—העסל פרעס—דער געוועזענער שניידער:

— איצט האָט ער שוין ניט וואָס צו טאָן אין דער אַרמיי. ער קאָן גיין אַ היים.

אין יענע אייזן-הייסע טעג איז געווען נאָר האסטיקע מאשינאַרבעט. די רעוואָלוציע, די גרויסע פוס האָט געדרייט די מאשין, און טעג זיינען געפלויגן, ווי נאָדלשטעפּ, האסטיק איינער נאָכן צווייטן. און גוט איז געווען צו פליען מיט די נאָדלשטעפּ, גוט איז געווען צו שטיין בא דער מאַשין!

און איצט?... איצט דאַרף מען ברענגען אלץ אין אָרדענונג. מען דאַרף אייניען די קנעפּלעך. מוז מען דען שטיין האַרט בא דער מאשין? נייען קנעפּלעך קאָן מען אומעטום.

נאָכן בירגערקריג איז ער נאָך אַף א פּאָר יאָר געבליבן אין דער אַרמיי, ס'קאָן זיין, אַז די טעג וועלן ווידער נעמען פליען, ווי די נאָדלשטעפּ... ער האָט אָבער געזען אין די צייטונגען פון טאָג צו טאָג אַלץ מער ציפערן און ציפערן, געצויגן האָבן זיך ציפערן איינע נאָך די אַנדערע אין א לאַנגער ריי ווי אין א סאַנטימעטער. האָט ער גענומען זיין קלומעק אַף זיך, און באשלאָסן גיין אהיים אויך ציען דעם סאַנטימעטער.

אהיים צו זיך אַפן גרויסן יידישן הויף. א יידישער—ווייל ערשטנס, איז אַפן הויף קיין איין הונט ניטאָ. צווייטנס, איז זומער-צייט דער גאַנצער הויף געווען פאַרזעצט מיט קינדער-קעפּלעך. אזוי געדיכט, אַז ערטערוויַיז איז געווען שווער דורכצוגיין, און דריטנס, האָבן טאַקע אַפן הויף געוואָינט 40 יידישע שכיינים, און דעם איינציקן ניט-יידישן שאָכן—טימאָכען דעם שוסטער—האָט מען אויך פאַריידישט. און מען רופט אים: „איטשע-מאָך".

באזעצט האָט ער זיך אין אַ צימער באַם באַלעבאָס דיוואַנטשיק, וואָס איז פאַר דער צייט מעגולגל געוואָרן פון אַ סויכער אין א ספעקוליאנט, און פון אַ ספעקוליאנט אין א נעפּמאַן—און וואָס ווארט פון טאָג צו טאָג אַף טיקן.

אין צימער האָט ער ערשט אויסגעצויגן זיינע הענט, וואָס זיינען אַף דורך-און-דורך באדעקט מיט גראָבער פינגער-הויט, און דערפילט, ווי עס שווימען אין זיי שטיקער קויעך, און זיי זיינען פונקט, ווי אָנגעשטייפּטע פּרוזשינעס, און אים דוכט זיך, אַז אָט די הענט, די שטאַרקע הענט, זיינען נאָר פאַרסטריגעוועט געוואָרן, און אז אָט אָט פּלאַצן זיי.

און צום האלדז גיט זיך עפּעס א הויב. עס כלינעט זיך עפּעס. דאָס ווייס ער ניט קלאָר וואָס דאָס איז. און עפּשער... ער מוז וויסן, וואָס דאָס איז, נאָר ער ווייס ניט ווי צונעמען עס איבער די ליפּן... דאָס איז יאָרנלאַנג געזאַמלטע ענערגיע פון זיידעס, עלטערזיידעס און נאָך ווייטער, וואָס האָבן גאַנצע לעבנס אָפּגעשווינגן מיט פאַרניייטע מיילער, און וואָס זעלטן, זעלטן, אַף אַ פּאָר טעג אין יאָר פלעגן זיי עפענען אַ מויל. און איצט בא העסלען איז דאָס מויל אָפן אַ גאַנץ יאָר און ס'שטראָמט ארויס דער דוירעסלאַנגער-שטראָם. קומט ער אהיים שלאָפן, נורעט ער איין דעם קאָפּ אין קישן. און פאַרשפּיליעט שטייף מיט די ציינער דעם מויל. מען האָט לאַנג געשוויגן... און איצט?... איצט רעט העסל פרעס אַפילע פון שלאָף. ער פאַרשטייפּט דאָס מויל, און ציטערט ער זאָל כאָטש באַנאַכט זיך ניט ארויסכאפּן מיט א שטאַרקן רוסיש-וואָרט.

און אַף יענער זייט וואַנט שלאָפן דאָך מענטשן, און אַף יענער זייט וואַנט שלאָפט דאָך ציפּקע, און ער האָט מוירע, אַז ציפּקע כאָטש זאָל קיין שלעכט וואָרט פון אים ניט דערהערן.

ציפּקע וואָינט באַ דיוואַנטשיקן און טוט בא אים אַלץ אין שטוב. און דיוואַנטשיק זאָגט, אַז זי איז זיינע א קרויווע. צאָלט ער ניט פאַר איר קיין סטראַכיר-געלט...

א מיידל—אַ פּאַסאָן. ווי מען וואָלט איר פון א זשורנאַל ארויסגענומען, אַן אויסגעלייגטער פּעניִמל, אויסגעלייגטע בעקלעך, און אויגן, ווי די הימלען, זיי האָבן ניט קיין דעק.

און פרעס איז אַף דערויף א מייוון. ניטאָ וואָס צו לייקענען, פרעסן געפעלט זי, די מיידל!

דערזעט ער זי פונדערווייטן, מוז ער איר אונטערזינגען:

„דיין מינע, דיין טאליע, דיין גאַנצענער פּאַסאָן"...

און זי מאכט זיך נאָר, אַז זי אנטלויפט, זי פּאַלט סאָפּקאָל-סאָף אריין צו אים אין די הענט, און ס'איז ניט צו דערקענען, אַז זי האָט זיך אליין אריינגעוואָרפן.

און א מאָדנע טעווע האָט ער, פון דעם וויל אים ציפּקע אָפּגעוואָינען. ער—העסל—מוז איר פון גרויס היספּאַילעס אָפּבענטשן מיט אַ שניידערשער בראָכע.

— עך, ציפּקעלע, אַ קלאָג דיר אין טאַליע!

און ציפּקעלע אַנטלויפט ניט פון העסלען, וואָרעם העסל איז שוין גאָרניט אזוי העסלעך. אדעראַבע, ערשטנס, גיט אים צו אַסאַך כיין דער אָרדען פון רויטן פאָן אַפן ברוסט, און צווייטנס, איז איר גלאַט געפעלן זיין בעריִשער גאַנג, ווי ער גייט און קוליעט זיך, פאָלקע הער און פאָלקע הין. ניטאָ קיין גלייכגעוויכט אין זיינע פלייצעס.

דאָס קוליעט אים געוויס דער אינעווייניקסטער שטראָם.

און זי, ציפּקע, נעמט אים לערנען, ווי צו גיין גלייך.

— אַ פריער, זאָגט זי, דאַרף מען שטעלן איין פוס און דערנאָך די צווייטע, ווארעם, זאָגט זי, א פערד האָט פיר פיס און ער פּלאָנטערט אויך ניט.

אַן אַפּרעל טאָג איז דאַן געווען. און ס'האָבן זיך געפילט אַלע צייטן פון יאָר. עס האָט נאָך אָפּגעשיינט מיט פּערלמוטער דער ווינטערדיקער שניי אונטערן שיין פון א קימאַט-זומערדיקער זון,

און ס׳האָבן זיך געשטעפּט פון די דעכער פרילינג-קאָסעס, וועלכע האָבן זיך אפּגערעגנבויגנט אונטערן פייער פון זון, און דעם פייער האָט אונטערגעבלאָזן אַ הארבסטיקער-ווינטל.

אַ כיעס איז געווען צו פילן אין זיך אלע צייטן פון יאָר. און העסל מיט ציפּקען, זיינען געזעסן אין הויף אַף די קלעצער, מיט פולע מיילער געטרונקען די זוניקע לופט, אָנגענומען אין זיך אַסאַך זון, און זי האָט גענומען אויך פון אינעווייניק ווארעמען און לייכטן, און ארויסגעלאָזן די וואַרעמקייט דורכן מויל, און די ליכט דורך די אויגן. גוט איז צו פילן אין זיך אלע צייטן פון יאָר. און זי, ציפּקע, האָט גענומען אַף זיך אן אַרבעט: אָפּגעוואָינען אים פון זיין בראָכע: „א קלאָג דיר אין טאַליע״.

— פע. האָט זי אים געמוסערט—ס׳איז ניט שוין.

ער האָט אַף צולאָכעס געכאַזערט זיין בראָכע, און זי האָט פאַרקרימט איר פּעניִמל. זי איז ברויגעז.

— מען טאָר אזוי ניט זאָגן—האָט זי אויסגעקרימט פון איר מיילכל.

ביז זי נעמט דראָען מיט א פּאַטש. און אַף דערוף וואַרט ער די גאַנצע צייט. ער האָט ליב אירע פעטש. און עס לאָזט זיך אַראָפּ א פּאַטש קימאט אָן אַ קלונג.

נאָר באלד האָט געגעבן אַ רודער, פונקט ווי טויזנטער נייִמאַשינען וואָלטן פאַרקלאפּן מיטאַמאָל, און פונקט, ווי זיי וואָלטן זיך איינציקוויז אָפּגעשטעלט.

וואָס האט עס פאַרודערט אזוי? ניין, ס׳איז ניט קיין ווידערקאָל פון ציפּקעלעס פּאַטש.

העסל האָט זיך אופגעכאַפּט, און צוגעלאָפן צום צווייטן זייט הויף זען, וואָט האָט עס געגעבן אַזאַ רודער, ער איז צוגעלאָפן און האָט געזען:

עס איז איינגעפאַלן די גרויסע דריישטאָקיקע מויערנע וואַנט, וואָס שטייט לעבן גרויסן מויער, און וואָס טיילט אָפּ דעם מויער פון שכיינעסדיקן.

אַלע קינדער קעפּלעך האָבן זיך איצט איבערגעזעצט אהער, שכייניִם און שכיינעס האָבן זיך אופגעלאָפן, ווייבער מיט פאַרסאַזשעטע פּעניִמער פון אויוון, מיט פאַרבלוטיקטע פאַרטעכער, און מיט פּעדערן אין קאָפּ.

נאָכעם דער געלער האָט זיך געכקירעט פאַר א רעדל שכייניִם.

— ווי לײדט עס עפּעס א מויער אַף געפאליִקע? אָט א מענטש פאַרשטיי איך, אָדער מען פאַרטשעפּעט איִם, אָדער מען פאַרטשעפּעט זיך אליין. אָבער ווי פאַלט עס איין אַ מויער?...

אַן עלטערער ייִדל האָט געגעבן צו פאַרשטיין.

— דיוואַנטשיק וועט דאָך קיין גוטן פונדאמענט ניט געבן... ער איז געשטאַנען צפאָניִם אַף היִנערשע פּיסלעך.

און איינע אַ קליינע קעפּעלע—פּעטעכל—רופן זי די קינדער—האָט זיך געוווּנדערט און נאָכגעפרעגט זיך בא אן עלטערן ברודערל.

— ווי שטייט עס א מויער אף היִנערשע פּיסלעך?...

און דער ברודערל ווייס שוין אַלץ, ער גייט שוין אין פינפטן קלאָס.

— היִנערשע פּיסלעך?... זאָגט ער איבער—דאָס מיינט מען... אין געגדזנפּיסלעך... ס׳רעט זיך אזוי...

און די קליינינקע פאַרשטייט ערשט ניט, ווי שטייט עס א מויער אַף היִנערשע פּיסלעך, אין געגדזנפּיסלעך.

און דיוואַנטשיק לויפט אַ פאַרסאָפּעטער און כאפּט אונטער.

— וואָס איינגעפאַלן?... גאָט איז מיט אייך! ווי פאַלט עס סאַקע איין אַ מויער?.. דאָס האָט זיך געוויִס דער אויבערשטער „סלאָי״ אַ טרייסל געטאָן... ווי עס טרייסלט זיך אין קריִם...

און די קליינע קעפּעלע פאַרשטייט אַלץ ניט. איז אויסער פּיס לעך שטייט נאָך דער מויער אַף אַ „סלאָי״?...

און שכייניִם האָבן אַלץ געטומלט: ס׳טייטש? ווי פאַלט עס איין אַ מויערנע וואַנט?...

ביז מען האָט דערעט זיך: מען האָט אויסגעטיילט א הויף-קאָמיסיע מיט העסלען בעראָש אַף אויספאָרשן די געשעניש.

פאָרשן האָט מען קיין סאַך ניט געדאַרפט. באָר איינגיכן האָט העסל אופגעהאַנגען אַ מעלדונג וועגן אַ הויף-פאַרזאַמלונג. העסל האָט געקלונגען מיטן גלעקל. נאָר ס׳האָט גאָרניִשט ניט געהאָלפן. ס׳איז ניט קיין פאַריין-פאַרזאַמלונג. מען קאָן זיך דאָ פאַרגינען ריידן אַלע מיטאַמאָל. ערשטנס, איז פריילעכער, און צווייטנס, איז עס גיכער. עלע וואָס? מען הערט ניט וואָס מען רעט? ס׳איז א ליגן! יעגער ייִד האָט דאָך א באַזונדער קאָל.

ער האָט לאַנג געקלונגען מיטן גלעקל ביז ער האָט איינגעשטילט דעם אוילעם און ער האָט גענומען ריידן. ער האָט דערציילט, אז אַיינגעפאַלן איז די וואַנט, ווייל זי האָט אונטערגעפוילט, און אונטערגעפוילט האָט זי, ווייל לעבן וואַנט איז געשטאַנען דער אָפּטרעט. האָט דיוואַנטשיק געוואָלט „רעזשימעווען״ מיט עקאָנאָמיע, האָט ער אויסגעגראָבן אין די פוסטע פאַרשלאָסענע שטאַלן, וואָס צווישן וואַנט און אָפּטרעט, אַן טיפע גרוב, וווהין ס׳פלעגן אָפּציִען די אומריינקייטן. אַנ׳אַווירע—זאָגט ער, דיוואַנטשיק,—געלט אף „אַ טשיִסטקע״.

און האָט דערציילט ווייטער, אז דער גרויסער מויער איז אויך אָנגעריִרט, און דערצו שטייט ער נאָך פון מיילעך סאָבעצקעס יאָרן אָן, און ער פּאָדערט אַ קאַפּיטאַלן רעמאָנט. מען דאַרף אים אינגאַנצן איבערניִצעווען.

און אַ כאַווער, אַ פאָרשטייער פון וואָינונג-קאָאָפּעראַציע, האָט גערעט, און געזאָגט, אז היִוואַנטשיִק ניט ער קאָן, און ניט ער וועט געבן אזאַ רעמאָנט, און אז דער הויף גייט איבער אין וואָינונג-קאָאָפּעראַציע.

דיוואַנטשיִק האָט גענומען אַ וואָרט:

— אז איר ווייסט דאָך אַליין!.. אַ מענטש בין איך בעטעווע אַ וויכער, נאָר טויזנט מאָל וויך, אז ס׳איז קיין האַרטער גראָשן ניטאָ... דערווײלע איז ניטאָ מיט וואָס צו מאַכן... מען דאַרף אַביסל אָפּוואַרטן, עפשער וועט שטייפער ווערן.

און גערעט האָט אויך דער שוסטער „איטשע-מאך״ (טימאכע).

— דער מויער בעט עסן... מיט א מויער שפילט מען זיך ניט. דאָס איז נאָר אַ שוך, אז ער קוועטשט, הערט מען איִם איִן פּיאַטע. אַ מויער טאָר מען אָבער אזוי ניט לאָזן... נישקאָשע, באַ-

לעבאָס, וואָס אַרט אייך?... מען וועט עפּשער אַייך אויך געבן אַ דירע...

דער הויף איז אַריבער אין וואָינונג-קאָאָפּעראַציע.

פֿון הויפּט-פֿאַרוואַלטונג האָט מען באַשטימט העסל פּרעסן פֿאַר אַ פֿאַרוואַלטער איבערן גרויסן הויף. יענעם טאָג האָט העסל נאָך אַמאָל אויסגעצויגן זיינע הענט. איצטער האָט ער וווּהין זיי צו לייגן. יענעם טאָג האָט העסל געוואָלט צוקושן אלק, וואָס ער האָט נאָר געטראָפֿן אף זיין וועג, די קינהער קעפּלעך, דעם מויער, און וועגן ציפּקען איז דאָך שוין אָפּגערעט...

אָט דאָס הייסט געוויס מיטן שטאָלצן נאָמען: אַרבעט. די עמעסע, ברענענדיקע אַרבעט! אָט פֿירט מען צו ציגל. אָט לעשט מען וואַפּנע... עס איז שוין צוגאַנגען דער שניי, און פֿורלעך אף רעדער פֿירן ציגל. פֿורלעך אף צוויי גרויסע שפּולן, וואָס וויקלען די גאַנצע וועג אָפּ פֿון זיך א וואַסערדיקן פֿאָדים. ס'טרעפֿט דאָך אָבער אַמאָל א פלאָנטער... שטעלט זיך אָפּ די פֿאָדים. עס האָט אויסגעפּעלט ציגל. האָבן אופֿגעהערט אף אַ צייט די פֿורלעך צו פֿאָרן.

אַקוראַט דאַן דרייט זיך אָן דיוואַנטשיק פֿאַר די אויגן, מיט אַ פּעטן שמייכעלע. לעכאָטכילע האָט ער זיך אומגעדרייט און געשוויגן, און סאָפּקאָלסאָף האָט ער פֿאָרט אויסגעפּלאַצט:

— האַ, וואָס הערט זיך מיטן מויער?.. ס'פֿעלן ציגל. האַ?.. ס'טבלייבן אינמיטן?.. כע... שיינע באַלעבאַטים געוואָרן, מען הויבט אָן און מען ווייס ניט מיט וואָס מען וועט ענדיקן... דערנאָך וועט מען זיך נאָך בעטן... מען זאָל כאָטש צוריק צונעמען...

און ער האָט אויסגעזיפּצט מיט אַ לאַנגינקן קלוימערשטן זיפּצעלע, און האָט ארויסגעלאָזן אַ לאַנגן:

— עעעט...

און זיין פֿליישיקע צונג האָט אַ גרונטעווע געטאָן אין זיין מויל, און האָט זיך אַביסל איבערגעקוליעט, דעריבער איז שוין דער צווייטער „עט" אַרויס אַ פֿאַרקערטער:

— טעעע...

האָט געדאַרפֿט שטיין דערביי דאַווקע טימאָכע, און ער, טימאָכע, איז אַ היציקער, אזוי איז ער גוטמוטיק, אף דער פֿאַרזאַמלונג האָט ער צוגעזאָגט דיוואַנטשיקן אַ דירע, נאָך אזעלכע דיבורים ט'ער ניט געקאָנט פֿאַרליידן. ער האָט זיך אָנגעצונדן:

— וואָס'טע געזאָגט? דוסט צוריק ווערן באַלעבאָס?.. ווייסט ווען?! אז טשוועקעס וועלן בליען!

דיוואַנטשיק האָט זיך פֿיינט אָנצוריידן, ער האָט זיך שטיל אָפּגעטראָגן.

דער פלאָנטער האָט זיך אָבער אָפּגעפּלאָנטערט. די פֿורלעךשפּולן האָבן ווייטער געוויקלט זייער וואַסערדיקן פֿאָדים און ציגל איז געווען.

און העסל איז פֿאַרנומען, פֿאַרהאַוועט. און העסל זעט שוין איצט ניט אזוי אָפֿט ציפּקעלען, ער כאַפּט שוין ניט אזוי אָפֿט פֿון איר פּעטש.

ציפּקעלען איז אומעטיקער געוואָרן. און ציפּקעלע האָט ליב עס זאָל איר זיין פֿריילעך. און זי קאָן ניט וואַרטן. אַנדערע שטעלן אָפּ אף א ווײַלע די צייט: מען רייסט ניט אָפּ די בלעטלעך פֿון קאַלענדאַר, און מען שטעלט אָפּ דעם זייגער. אָבער ציפּקעלע איז ניט קיין זייגער, וואָס אַפֿריער דרייט מען אים אָן און דערנאָך גייט ער. זי, ציפּקעלע, איז באַשאַפֿן געוואָרן אף דער וועלט פֿאַר אַ טרייסט. א טרייסט פֿאַר א צווייטן. אָבער טרייסטן זיך אליין קאָן זי ניט.

העסל זעט איר איצט גאַנץ אָפֿט אַן אָנגעבלאָזענע:

— פֿאַרוואָס פֿאַרלאָזט ער זי אף גאַנצענע טעג?..

קאָן ער, העסל, איר דערציילן, אז ס'זיינען דאָ נאָך טרייסטן אַף דער וועלט. א גרויסע טרייסט. אַ טרייסט פֿאַר א גאַנצן מויער מענטשן. ניין! אַ טרייסט פֿאַר דער גאַנצער לאַנד! די טרייסט פֿון אַרבעט, פֿון אייבייען קנעפּלעך. און אָט פֿאַרבינדט מען דעם מויער מיט הילצערנע קייטן, און מען וועט זיך נעמען פֿאַראים, פֿאָרן ריז.

ער קומט צוגיין איינאָוונט אַן איינגעמאַטערטער, און ער דערזעט פֿונדערווייטן ציפּקעלען, וואָס קרימט איר מיילכל.

ער שטרעקט איר אויס פֿונדערווייטן אַ פּאָר אָנגעגאָסענע הענט, און צערטלעך רופֿט ער זי צו, ווי מען רופֿט אַ הינדעלע, בייס מען גיט איר פּיקן:

— ציפּקעלע, ציפּקעלע, ציפּ, ציפּ, ציפּ!

II

אַ זומער האָט זיך אָנגעהויבן, ער האָט זיך געבויט! זיינע טעג האָבן זיך געהויבן, עס זיינען אָנגעוואַקסן די שאָען, און ס'האָט אָנגעוואַקסן די היץ.

און דער מויער איז אויך געוואַקסן. ציגל זיינען געווען. האָט מען געלייגט אַ ציגל צו אַ ציגל.

און העסל פּרעס איז אַרומגעפֿלויגן אַ פֿאַרשוויצטער, האָט געקוקט, ווי די ציגל לייגן זיך איינציקווייז און האָט געקלערט:

— די קנעפּלעך דאַרף מען אויך איינייען מיט דער מאַשין. ווי איינציקווייז פּאַמעלעך זיי לייגן זיך די ציגל. די ציגל האָבן אויך געדאַרפֿט לויפֿן און אויסלייגן זיך, ווי די נאָדלשטעפּ.

דער מויער האָט זיך אָבער געהויבן, און פּרעס האָט דאַן מער ווי געשוויצט. פֿון יעדער הויט-פּאָרע האָט געשפּריצט אַ קליין פֿאָנטאַנדל, און יעדער פֿאָנטאַנדל איז געווען פֿון פֿאַרגעדיכטעטע, פֿאַרפֿליסיקטע ענערגיע. ער האָט זיך אַליין קימאַט איינגעמויערט אין מויער.

און טימאָכע פֿלעגט פֿאַר אַלעמען דערציילן די מאַיסע, און אים פֿלעגט שטאַרק פֿאַרדריסן, וואָס ניט אַלע גלויבן אים, ווייל טימאָכע האָט געקענט אויך אויסקלערן אַ מאַיסע, אָבער ס'איז פֿאָרט אַן עמעסע מאַיסע, אַז פּרעס פֿלעגט אָפֿט אַריינכאַפּן זיך צו אים—איילנדיק—אויסטרינקען אַ גלעזל טיי, און אַז איינמאָל איז ער געקומען צו אים מיט שרייפּעלעך אין די הענט, און געטרונקען טיי. טרינקט ער אָפּ און וויל אַוועקגיין, ערשט ער כאַפּט זיך, ניטאָ די שרייפּעלעך, ביז טימאָכע האָט אים געוויזן, אַז די צוקער האַלט ער אין האַנט, און די שרייפּעלעך ליגן אין גלאָז.

יאָ! ס'איז אַן עמעסע מאַיסע. טימאָכע פֿלעגט זיך שווערן אַף דעם:

— הינער און ענדיקעס זאָלן אַף מיר שפּייען אין אַ ליכטיקער נאַכט, אויב איך זאָג אַ ליגן!

און טימאָכע פֿלעגט טאַקע אויסמוסערן העסלען:

— ברודערקע, מען טאָר זיך ניט אַזוי אָפּשרויפֿן, שרייפֿלעך האָבן קיין שום טאַם ניט, אַפֿילע ווען מען זאָל זיי גוט אָפּקאָכן, און צושיטן אַביסל זאַלץ.

אַמאָל פֿלעגט העסל אַ טאָג ניט קאָנען איבערלעבן ניט זעענדיק ציפּקעלען. איצט איז אָבער די האַרץ באַ אים אַביסל... פֿאַרמויערט געוואָרן.

אים, העסלען, דעם אַמאָליקן שניידער, דעם שפּעטערדיקן העלד פֿון רויטער פֿאָן און איצטיקן פֿאַרוואַלטער, האָט מען פֿאַרטרויט אַ גרויסע באַשטעלונג, און ער האָט זיך אַריינגעטאָן אין איר מיט היץ, ווי אַ לערנייִנגל, וועלכן מען פֿאַרטרויט די ערשטע שטיקל אַרבעט

און ציפּקעלע?... ציפּקעלע האָט געבענקט נאָך זיינע אָנגעגאָסענע הענט, נאָך זיין דרייען זיך „פּאָלקע הער—פּאָלקע הין", אַפֿילע נאָך זיין בראָכע „אַ קלאָג דיר אין טאַליע".

ציפּקעלע קאָן אָבער ניט אָפּשטעלן דעם זייגער און ניט אָפּרייסן די בלעטלעך פֿון קאַלענדאַר און זי איז ניט קיין זייגער, וואָס אַפֿריער דרייט מען אים אָן און דערנאָך ערשט גייט ער. זי דאַרף האָבן אימעצן, ווער עס זאָל איר אונטערזינגען אַ לידל, זי דאַרף האָבן וועמען צו פּאַטשן, און זי, ציפּקעלע, דאַרף אימעצן טרייסטן. דאָס איז פֿאַר איר אויך אַ טרייסט. ווייל זי, ציפּקעלע, וויל עס זאָל איר זיין פֿריילעך. און באַ וועמען קאָן זיין פֿריילעך אַפֿן הויף? דאָס איז נאָר באַ טימאָכען!

טימאָכע שפּילט אַף אַ האַרמאָשקע. באַ טימאָכען גייט דער צונג ווי אַ „סקאָראָכאָד": ער קאָן דערציילן מאַיסעס ניט געשטויגן און ניט געפֿלויגן.

ער זיצט זיך טימאָכע מיט די פֿיס אַף זיין וואַרשטאַטל, און דערציילט זיינעם אַ „כאָלעם". ציפּקע ווייס, אַז ס'איז אַ ליגן, אַז ס'כאָלעמט זיך אים, אַז ער האָט געכאָלעמט, נאָר זי הערט, נישקאָשע, אַפֿילע, אַז ס'איז אַ ליגן, איז עס אויך קעדיי צו הערן...

און טימאָכע דערציילט, אַז ס'האָט זיך אים געכאָלעמט, אַז ער איז אַף אַ סאָוועטן-צוזאַמענפֿאָר, און דער פֿאָרזיצער דערקלערט, אַז איצט איז שוין געקומען די צייט אויסצוקלייבן אַ פּאָשעטן אַרבעטער אַף אָנצופֿירן מיט דער מעלוכע, און אַלע שרייען אַז אים, טימאָכען, זאָל מען אויסקלייבן. און ער—טימאָכע—ווערט דער גאַנצער אָנפֿירער, אַלע אַרבעטער ווערן באַ אים קאָמיסאַרן, און אָנגעשטעלטע, און די אָנגעשטעלטע ווערן אַרבעטער. און עס גייט באַ אים—אַן אַנטיק. אַ וועלט-רעוואָלוציע ט'ער געמאַכט. ביז ער באַשטימט שוין איינפֿירן דעם סאָציאַליזם. און ער רופֿט אויף אַ נייעם צוזאַמענפֿאָר. טרעט איינער אַרויס, און ס'איז טאַקע דיוואַנטשיק אַליין, און ער איז איצטער טאַקע אַ שוסטער, טרעט ער אַרויס און זאָגט, אַז אַלץ איז שוין באַ אונדז גוט, נאָר ס'איז געקומען די צייט אויסצוקלייבן אַ פּאָשעטן-אַרבעטער... און אַלע שרייען, מען זאָל אים, דיוואַנטשיקן, אויסקלייבן...

אַזוי דערציילט ער דעם „כאָלעם" און פֿאַרענדיקט: איר פֿאַרשטייט ווי דער דיוואַנטשיק ט'זיך מיר איינגעגעסן אין קאָפּ?...

נאָר דאָס איז נאָך ווייניק. ניט דערפֿאַר אַליין געפֿעלט ציפּקעלען טימאָכע. דער איקער איז, וואָס טימאָכע האָט אויך ליב צו כאַפּן פֿון איר פּעטש. און אַז מען האָט נאָר ליב צו כאַפּן פּעטש פֿון איר—האָט זי שוין ליב, פֿאַר דערויף וואָלט זי יעדערן—דאַכט זיך—ליב געקראָגן.

נאָר טימאָכע ניט נאָר וואָס ער האָט געכאַפּט איצט פּעטש, ער האָט אין איר פּאָנים איצט אויך באַמערקט מער, איידער העסל. העסל האָט געזען נאָר אַ שיין, אַן אויסגעלייגט פּענימל. טימאָכע האָט אָבער געזען אַסאַך מער. ער האָט דערזען, אַז אָט דאָס שיינע פּענימל האָט אַ גרויסע מאַילע, וואָס ער בייט זיך, אָט דאָס איין פּענימל האָט טויזנטער פּענימער.

טימאָכע האָט שוין פֿון לאַנג געקלערט. אַז עס ווערט ניט גוט קוקנדיק אַף מענטשן, ווייל מען זעט זיי אַלע טאָג מיט איינעם און דעמזעלבן פּאָנים. ניכאַי וואָלטן דאָס מענטשן קאָנען כאָטש איינמאָל אין וואָך איבערבייטן זייער פּאָנים, ווי מען בייט אַ העמד, אונטערהויזן... כאָטש איין מאָל אין יאָר, ווי מע בייט איבער אַ פּאָר שיך!...

און דאָס איז דאָך ניט קיין פֿאַנטאַזיע. פֿאַרוואָס קאָן עס ציפּקעלע? ער דערזעט באַ איר יעדן טאָג אַ נייעם פּאָנים, אַ נייעם שמייכל. דעריקער קאָן זי שמייכלען, זיי זיינען באַ איר דאָ טויזנטער פֿון ערשטן, צווייטן און דריטן סאָרט. וואָס עפּעס נאָר דריי סאָרטן?.. ס'איז פֿאַראַן אַסאַך מער!

און טימאָכע מוז זיך אָפּרעכענען. ער שמייכלט אַף צוריק. אַפֿריער אַפֿן רעכטן זייט מויל, דערנאָך אַפֿן לינקן, דערנאָך אַף ביידע זייטן, מישט אַריין דעם נאָז אויך, און וועגן די אויגן איז שוין אָפּגערעט! און ער, טימאָכע, פּונקט, ווי אַלע מענטשן אַף דער וועלט, האָט: אַ היימיש-שוסטערשן קאָל, אַ הייזעריקן קאָל, אַ קאָל, מיט וועלכן מען טרעט אַרויס אַף פֿאַרזאַמלונגען, אַ יאָנטעוודיקן קאָל, און מאַלע וויפֿל קולעס אַ מענטש האָט!..

און צו איר—צו ציפּקעלען—האָט ער שטענדיק גערעט אַף זיין יאָנטעוודיקן קאָל.

און ציפּקען געפֿעלט זיין יאָנטעוודיקער קאָל, און זיין נאָזשמייכל, און די שוסטערישע לידל, וואָס ער זינגט איר, אַז ווי שוואַרצע שנירלעך איז אירע האָר, און הענטלעך—פּראַווידלעס אַ פּאָר...

און טימאָכע דערציילט איר. אַז ער האַלט ניט פֿון די איצטיקע לעדערנע מיידלעך אין די לעדערנע רעקלעך, זיי זיינען לויט אַ נייעם פֿאַסאָן: קורצע אָפּצאַסן און לאַנגע נעזער.

נאָר ציפּקעלען טרייסט ער—דו ביזט שוין איינמאָל אַ פֿאַסאָן.

מאַכט עס טאַקע אויס, וואָס באַ טימאָכען איז דער נאָז אַביסל גרעסער? ס'מאַכט ניט אויס. ס'איז אַ גלייכע פּאָר! און פֿאַר ציפּקעלען—איז שוין טימאָכע אַ זאַך, וואָס האָט בעמיילע געמוזט קומען—קעדיי איר, ציפּקעלען זאָל ניט זיין אומעטיק, איר מוז זיין פֿריילעך.

און...

זי מאַכט זיך נאָר, אַז זי אַנטלויפֿט פֿון אים, בייס ער דערזעט זי. זי פֿאַלט סאָפּקאָלסאָף אַריין צו אים אין די הענט, און ס'איז ניט צו דערקאָנען, אַז זי האָט זיך אַליין אַריינגעוואָרפֿן.

און... ער, טימאָכע, בענטשט זי אָפּ פון גרויס היספּאַילעס מיט אַ שוסטערשער בראָכע:

— עך... מוליען זאָל דיר אין פּיאַטע!

און זי מוסערט אים:

— פּע,—זאָגט זי אים ס'איז ניט שיין.

און אַזוי ווייטער. און אַזוי ווייטער. ניט יעדערער ווייס פון ליבע-סצענעס. נאָר הער עס ווייס ניט. זאָל גיין אין טעאַטער, וועט ער זען ווי ענלעך זיי זיינען איינע אַף דער צווייטער.

און... ער כאַזערט איר אַף צולאָכעס זיין בראָכע. און זי פאַרקרימט איר פּענימל:

— מען טאָר אַזוי ניט זאָגן!—קרימט זי אויס פון איר מיילכל.

און זי דראָט, אַז זי וועט געבן אַ פּאַטש.

און לעסאָף... אַ פּאַטש לאָזט זיך אַראָפּ. און באַלד האָט געגעבן אַ קלונג, אַ רודער. ניין! קיין מויער איז ניט איינגעפאַלן. עס לוינט ניט צוליב דעם איינוואַרפן מויערן... מאַלע וואָס עס גיט אַ קלאַפּ?.. אַ פּראַניק איז אַראָפּגעפאַלן פון בוידעם...

פּרעס האָט דערווײַלע געהויבן אַ מויער. פּרעס האָט באַקומען אַ דערלויבעניש אַף הויבן דעם מויער. בויט ער אים און פילט זיך איבער אים מאַיסע באַלעבאָס. ער האָט אויך באַקומען אַ דערלויבעניש פון ציפּקעלען אַף קאָנען קושן, אַף קאָנען האַלדזן זי. און ער האָט זיך אויך געפילט אַף איר מאַיסע באַלעבאָס, און אַז ער וועט ענדיקן דעם מויער, וועט ער זיך נעמען זי „איבערבויען“, ווייל העסל האָט געוווסט, אַז אַ מיידל איז זי אַ „קליינבורזשואַזנע“, עס פעלט אין איר נאָך אונטערשלאַק, און אַז זי איז נאָך פון אַלטן שניט, און מע וועט איר דאַרפן אַ ביסל איבערניצעווען.

נאָר ציפּקעלע איז ניט קיין מויער. בא איר איז ניט קיין מויערנע האַרק. זי, „ציפּקעלע“, דאַרף מען זאָל איר אונטערזינגען אַ לידל, און זי דאַרף זיך פאַרנעמען מיט אויסראַטן שוסטערשע און שניידערשע קלאָלעס, און זי דאַרף אַראָפּלאָזן אַ פּאַטש, און פילן אַף איר קיילעכדיקער בולבע-האַנט, די האַר-טאַרטקע פון באַק. און נאָך אַזאַך האָט זי ליב: זי האָט ליב צונעמען פון טימאָכעס הענט אַ שיינע בראָשקעלע—ווען ער ברענגט איר, אַ פיינעם קעמעלע. זי, ציפּקע, דאַרף דאָך פאַר זיך עפּעס אויך האָבן אַ טרייסט! און וואָס ווייטער וויל זי אַלץ אַ שענערע. און טימאָכע, געבעך, קאָן גאָרניט ניט מאַכן—ער ברענגט, זי קאָן נאָך ברויגעז ווערן אויך! האָט טימאָכע אַמאָל קיין צייט ניט געהאַט צו גיין מיט איר שפּאַצירן, האָט זי גאָר פאַרקרימט דעם מיילכל, און אַוועק צו נאָכעם דעם געלן.

קאָן דען העסל טראַכטן וועגן אָט די גרויסע קלייניקייטן?...

דערפאַר אָבער האָט ער פאַרגעדענקט אַלע קליין-קלייניקייטן צו דער אַרבעט. אָט איז שוין דערגאַנגען צו די לאָדן, און ער זעט, אַז טשעסליאַרעס זאָלן אויסאַרבעטן שיינע לאָדן. און אַז ער דערזעט די געשניצטע ארבעט, כאַפּט ער זיך, אַז ס'איז שיין. און אַז ער כאַפּט זיך, אַז ס'איז שיין, דערמאָנט ער זיך אָן ציפּקעלען.

אין אַזאַ צייט פלעגט ער צולויפן אַהיים, און ער פלעגט איר, ווי פריער, איינפּרעסן אין זיינע אָרעמס. און זי האָט זיך ווי פריער געפּאַטשט, און ער וואָלט זיך גאָרניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז ס'איז פאַראַן נאָך איינער אַזאַ אַף דער וועלט, וואָס שילט זיך מיט אַ קלאָלע, וואָס איז קימאַט ענלעך אַף זיינער, וואָס כאַפּט אויך אַזעלכע זיסע פּעטש פון ציפּקעלעס הענטל, און אַז עס רודערט אויך דערביי.

און אַזוי איז געגאַנגען אַ זומער, אַ זומער, וואָס האָט אויך קעסיידער געשוויצט, געבויט מויערן, און וואָס פלעגט זיך אויך אַן אַנדערש מאָל דערמאָנען און פלעגט אַ גלעט טאָן אַ מיידל איבערן באַק. נאָר דער זומער איז עלטער געווען. רעגנס האָבן אָנגעהויבן שמייסן. זיי האָבן געגאָסן באַלייעסווייז, צובערסווייז. געפלויגן זיינען רעגן-טראָפּנס האַסטיק איינער נאָך די אַנדערע, אַ הימל-ערד עסטאַפּעט. נאָר ס'האָט גאָרנישט ניט געשען. ווער ס'איז פריער ארויסגעפלויגן איז פריער געקומען. און עס האָט געבליצט און געדונערט. אַ הימל-קאַרנאַוואַל, מיט באַראַבאַנען, טרומייטן, ראַקעטן, און פאַקעלצוגן. אַן אָפּשייד-יאָנטעוו פאַרן אַוועקגיין.

און די רעגנס האָבן געריסן און געשמיסן, און האָבן שוין מער ניט געלאָזט בויען. נאָר די בויאַרבעט האָט זיך שוין אומעטום געענדיקט. אַפן גרויסן יידישן הויף איז שוין געשטאַנען אַ מויערל—ווי אַ נייער בעגעד, מיט פרישע קנייטשן און אַ אויסגעפרעסטער. געשטאַנען אַ פריש-אָנגעפאַרבטער ווי ליפּן פון אַ מיידל, נאָר ער האָט געטאָן קליגער, ער האָט אויסגעהאַנגען אַף זיך אַ ברעטל מיט גרויסע אויסיעס:

„Осторожно, крашено!“

וואָס מיידלעך פאַרגעסן עס צו טאָן.

אַף דער זיצונג פון הויף-פאַרוואַלטונג איז באַשטימט געוואָרן: צום יאָנטעוו פון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע קלייבן זיך די שכיינים אין מויער אַריין, און זיי אָרדענען איין לעקאָוועד דעם מויער אַ „פייערלעכע עפענונג“. און שכייניִם האָבן זיך דערווייל געקליבן אַרום מויער, געזאָגט מעווינעס, געשאַצט. און געווינטשט זיך כאָטש אַ העלפט וויפל ס'איז אַוועק אַף אים!

און אלע האָבן געוואָרפן בליקן אַף פּרעסן, און פּרעס האָט זיך געפילט ווי אַ קינד, וועלכן מען האָט אָנגעטאָן אין נייע בגאָדים, וואָס פילט זיך ניט גוט ווייל ער מיינט, אַז אַלע קוקן אַף אים. פּרעס האָט געפילט, אַז היינט איז ער דער כאָסן, דער העלד פון טאָג. דאָס האָט ער אויפגעשטעלט אַ מויער, וואָס יעדער קנייטש זיינער ליגט בא אים, ווי צוגעשניטן. דאָס האָט ער געהאַט שווערינקייטן, און דאָס האָט ער דורכגעפירט אַ העלפאַנט דורך אַ לעכל פון אַ נאָדל.

און פּרעס האָט געוווסט, אַז ער דאַרף איצט עפּעס זאָגן.

ער איז צוגעגאַנגען צו אַן עלטערן יידל, אַ פּאַטש געטאָן אים איבערן פלייצע און געזאָגט:

— נו... איצטער וועט איר זיין אַ גראַף אַף ליעקטרע!

איז געשטאַנען דער יידל, געמאַלעגיירעט די באָרד, געקוליעט דעם צונג פון איין זייט אַפן צווייטן, געשטאַנען און געקלערט, וואָס מיינט ער, דער פאַרוואַלטער, דערמיט, וואָס הייסט אַ גראַף אַף ליעקטרע?..

נאָר גײן פֿרעגן װעט ער ניט, מען גײט ניט פֿרעגן אַזאַ נאַרישקײט.

ער האָט קלוג אונטערגעשמײכלט צו פּרעסן פּונקט, װי ער װאָלט עס גוט צוקײט, נאָר ער האָט פֿאָרט ניט פֿאַרשטאַנען, האָט ער אַלץ געקוליעט דעם צונג, און מיט אַקשאָנעס פֿון אַן אַלטן, געשטאַנען און געקלערט:

— װי איז מען דאָס אַ גראַף אַף ליעקטרע?..

III

דער מױער איז איליומינירט. פֿײערלעך בלױע, רױטע, געלע גרינע צינדן זיך אָן און לעשן זיך. און די סכאַך-באַפּוצונגען לײכטן אױך מיט אַ גרינעם פֿײערל. צינדן זיך אָן די פֿײערלעך און פֿאַרלעשן זיך. זײ װינקען זײער קלוג: זעט נאָר אַקאָרשט װאָס מיר קאָנען!

און אינעװײניק אַף נײע טישן. זײנען אױך צושטעלט קױסעס. פּיראַמידן פֿון אַלערלײ פֿאַרבן, און זײ ברעכן אין זיך איבער די ליכט. און לײכטן אױך מיט פֿײערלעך רױטע, געלע, גרינע, בלױע.

און בײַ די טישן זיצן מענטשן, און אַלע האָבן זײ אױגן, און די אױגן זײנען אױך פֿון פֿאַרשײדענע פֿאַרבן און לײכטן אױכעט אָפּ: שװאַרצע, בלױע, גרינע.

און פֿאַרבן פֿון װײבערשע טיכער.

און קױלעס מיט פֿאַרשײדענע פֿאַרבן. נאָכעם דער געלער װינשט מען זאָל דערלעבן אַ צװײטן רעמאָנט פֿון דעם מױער אַף אַ הײזעריקלעך געלן קאָל. און טימאָכע שרײַט „הוראַ“ מיט אַ שטאַרק רױטן קאָל.

און דיװאַנטשיק מיט זײַן מישפּאָכע האָט זיך פֿאַרוקט אין אַ װינקל, און ער זאָגט עפּעס זײַנעם אַ שאָכן מיט אַ גאַליק-גרינעם קאָל.

און אין רױטן װינקל פֿון נײַעם מױער זײנען ביסלעכװײז אַלע רױט געװאָרן. ס'איז ניט נאָר רױט געװאָרן דער רױטער שטערן, װאָס הענגט אַף לעניִנס שמײכלדיקן פּאָרטרעט, בײַ אַלעמען, בײַ יעדער, איז איצטער געװאָרן רױטע שטערנס, און יעדערער האָט אונטערגעשמײכלט מיט לעניִנס שמײכל. אַפֿילע גײענדיקע רױטע װינקלעך. און אָט די אַלע פֿאַרבן האָבן זיך געמישט בײַ פּרעסן אין די אױגן, און פּרעס זיצט און פּינטלט מיט די אױגן. הײנט דאַרף העסל פּרעס דערגרײכן זײַן העכסטן פּונקט. באַלד װעט ער האַלטן בײַם טיש עטלעכע זודיקע װערטער. דערװײל — ביז קומען צום העכסטן פּונקט — איז ער געזעסן און געפּינטלט מיט די אױגן. אַסאַך פּונקטן זײנען דורכגעפֿלױגן פֿאַרבײַ די אױגן, פּינטעלעך, רױטינקע, בלאָינקע זײנען געפֿלױגן פֿאַרבײַ, און, װי שטענדיק, האָט אײנע ניט דעריאָגט דאָס צװײטע.

ער האָט זײ פֿאַרטריבן די פּינטעלעך. זײ טאָרן ניט פֿאַרשטעלן אים הײַנט, זײַן העכסטן פּונקט, ער דאַרף נאָך הײַנט עפּעס זאָגן, ער דאַרף נאָך, הײַנט, עפּעס רײדן.

און באַלד איז אין זאַל שטילער געװאָרן, און באַלד האָט ער גערעדט. לעכאַטכילע ט'ער זיך אַביסל געפּלאָנטעט. אַפֿריער ט'ער געזאָגט, אַז דער הױף האָט געשענקט דער רעװאָלוציע אַ שײנע מאַטאָנע — אַ מױער, אַ צאַצקע! און דערנאָך האָט ער געזאָגט, אַז די רעװאָלוציע האָט עס געשענקט דעם הױף אַ מאַטאָנע. נאָר גאָרנישט. ס'איז ניט קײן טאָעס. אײנער האָט דעם אַנדערן געשענקט, און מע איז קװיט.

און דערנאָך איז בײַ פּרעסן אַװעק אַסאַך גלאַטער. ער האָט שױן אינגאַנצן אַרױסגעטריבן די פֿײערדיקע פּינטעלעך פֿון קאָפּ, און האָט אָנגעצונדן אין זיך אַ אײגענעם פֿײער, און פֿײערדיקע װערטער, האָבן זיך געיאָגט דורכן קױמען פֿון מױל. העסל פּרעס האָט געטאַינעט, אַז מיר האָבן אומעטום געזיגט, צו װאָס מיר האָבן זיך נאָר ניט גענומען. אונדזער אײזערנע שער האָט אַלץ איבערגעשניטן. אונדזער הײסער פּרעס האָט אַלץ פֿאַרגלעט, און כאַװער העסל פּרעס האָט צוגעזאָגט — אױסבױען נאָך אַן שענערן בנין — דעם גרױסן בנין פֿון סאָציאַליזם.

פּונקט אָט דאָ האָט מען געפּאַטשט מיט די הענט, און דאָ איז איז געװען דער העכסטער פּונקט פֿון כאַװער העסל פּרעס.

איצט האָט ער זיך אַװעקגעזעצט, אַ פֿאַרמאַטערטער, א אָפּגעלײדיקטער. קײן אײן געדאַנק האָט איצט ניט געבלאָנדזעט אין זײַן קאָפּ. ער האָט זיך צוגעשפּאַרט אַפֿן דיװאַן און געקוקט מיט גאָרנישטזאָגנדיקע אױגן.

אַרום האָט מען געטאַנצט. עס האָבן זיך געפּלאָנטערט פֿיס. פֿונדעסטװעגן ראָט מען זיך שטענדיק אָפּגעפּלאָנטערט, און קײנער האָט זיך נאָך ניט פֿאַרביטן און אַװעק אַף אַ פֿרעמדער פֿוס.

העסל איז האַלב געלעגן אַפֿן דיװאַן. און האָט, װי אַ שפּיגל, אַרײנגענומען אין זיך און באַמערקט יעדער קער, יעדער קלײניקײט, װאָס איז פֿאָרגעקומען אין צימער, נאָר פּונקט, װי א שפּיגל, האָט ער װעגן גאָרנישט געקלערט.

ער האָט איצט באַמערקט אַ באַראָדאַװקע בײַ נעכע דער גראָבער אין נאָז, װעלכע ער האָט קײנמאָל ניט באַמערקט, ער האָט באַמערקט, אז בײַ נאָכעם דעם געלן שװיצט נאָר דער נאָז, און אַז בײַ אים פֿעלט אַ קנעפּל אין זשילעט, ביז זײַן בליק איז געפֿאַלן אַפֿן פֿענצטער, און ער האָט באַמערקט דעם נײַעם שאָכן, מיט זײַן גאָר יונגינקער װײַב, װאָס האָבן זיך פֿאַרקליבן הינטערן גאַרדין, װו זײ פֿאַרגאַנװענען אַ קוש אײנער דעם צװײטן.

אַ געדאַנק האָט א בליק געטאָן בײַ אים אין קאָפּ. אַפֿילע אַ שפּיגל, אַז זי דערזעט, אז מען גיט א קוש, גיט זי א קוש צוריק. אָן אַזעלכע זאַכן דערמאָנען זיך אַפֿילע טױטע. אָט דער אַלטער ייִד, װאָס האָט געקלערט װעגן „גראַף אַף ליעקטרע“, ער איז דאָ עפּשער דער אײנציקער װאָס װײס, אַז װען מען דערמאָנט אַ טױטן, נעמען זיך בײַ אים די ליפּן שאָקלען אין קײװער. קײן מאַיסעס דאַרף מען אונדז ניט דערצײלן. מיר װײסן װאָס עס הײסט שאָקלען מיט די ליפּן.

איז קײן װוּנדער ניט, װאָס העסל פּרעס האָט מיטאַמאָל גענומען קלערן. ער האָט זיך דערמאָנט װי ער האָט געקושט ציפּקעלען אַפֿן הױף, זיצנדיק אַף די קלעצער, און דורך זײַנע אָדערן האָט דורכגעשטראָמט אַ װאַרעמקײט, װאָס האָט אים דערװאַרעמט, און האָט אים אָפּגעפֿרישט. זי, די װאַרעמקײט, האָט אים געלאָזט

פֿילן, אַז ער קאָן ווייטער הויבן פֿיס, און ווּ עס איז טרעפֿן, ווען צושטעלן איינע, און ווען די אַנדערע.

אַפֿריער האָט ער אויפֿגעהויבן די אויגן, און האָט אַ זוך געטאָן מיט זיי ציפּקעלען. נאָר זיי איז דאָ ניט געווען. זי איז געווען אַפּאָנים אין איינעם פֿון די זייטיקע צימערלעך.

האָט ער טאַקע אויפֿגעהויבן די פֿיס אויך. אויפֿגעשטאַנען, ארויס אין קאָרידאָר, אַ קוק געטאָן אין עטלעכע צימערלעך, ביז ער איז דערגאנגען צום סאַמע הינטערשטן צימערל, פֿון וואנען ער האָט דערהערט איר גלעקל-געלעכטערל.

ער האָט האַסטיק אָן עפֿן געטאָן די טיר.

א נעפּל האָט אים גלייך פֿאַרהילט די אויגן. נאָר דאָך אַ צענטל סעקונדע האָט ער יאָ געזען, וואָלט ער גאָרנישט געזען, וואָלט דאַך מיט אים גאָרנישט ניט געשען. אָבער אַ צענטל סעקונדע האָט ער געוויס בעזען, ווערהאָראַיע: אַ נעפּל האָט אים גלייך פֿאַרהילט די אויגן.

און אין דער צענטל סעקונדע האָט ער געזען קלאָר, קלאָר ווי דער ליכטיקער טאָג, קלאָר ווי ציפּקעלעס פּאָנים, ער האָט געזען ווי ציפּקעלע זיצט בײַ טימאָכען אַפֿן שויס, און טימאָכע פֿאַרדעקט מיט איין קוש עפּשער א האַלבע פּלייצע.

א בייזע נעפּלדיקע שטילקייט. פּרעס איז געשטאַנען מיט פֿאַנאַנדערגעריסענע אויגן, און טימאָכע האָט זיך אויך דערפֿילט שלעכט. ניין! ער האָט זיך ניט געפֿילט, ווי אַ געכאַפּטער גאַנעוו. ניין! טימאָכע האָט גאָר ניט געוווּסט, אז ער האָט געגאַנוועט, און ווען ער וואָלט אַפֿילע געוווּסט, וואָלט אים אויך ניט אַרן. אַ מיידל, ווייס ער, גיט מען אַ קוש, אָבער קיין שטעמפּל בלייבט ניט אַף אירע ליפּן. ניין! ער האָט געקאָנט פֿאַרליידן העסלס פֿאַנאַנדערגעריסענע אויגן, ער האָט אָבער ניט געקאָנט פֿאַרליידן די שטילקייט. ער האָט דערפֿילט מאַזאָלעס אַפֿן האַרצן, וואָס זי, די שטילקייט, רייבט זיי...

ער האָט אויסגעגלייכט דעם מויל, און אונטערגעברומט:

— וואָס קוקסטו אַף מיר, ווי אַף אַ „טומאַנע קאַרטינע”?

פֿון די ווערטער האָט זיך העסל אויפֿגעכאַפּט און האָט דערזען, ווי ציפּקעלע האָט זיך גאַנץ שטיל אַרויסגערוקט פֿון צימער. ציפּקעלע האָט אַ פּאָנים ליב פֿריילעכע סצענעס. זי האָט אויך נישט געקאָנט פֿאַרליידן די שטילקייט, נאָר נאָך מער האָט זי ניט געוואָלט ליידן די ווערטער, און דערצו, איז גוט צו זיצן נאָר מיט איינעם פֿון זיי, מיט ביידן קאָן זי ניט.

פּרעס האָט זיך דערוויילע אויפֿגעכאַפּט, און ער האָט געפּרוּווט אויסשרייען מיט אַ פֿעסטן קאָל, נאָר אַרויס איז ער אַ קרומער, אַ שייפּערדיקער.

ווי קומסטו צו דער מיידל?

טימאכע האָט ניט געענטפֿערט. ער האָט זיך גערדאַרפֿט ריכטן אַף אַזאַ פֿראַגע, נאָר ער האָט זיך ניט געריכט.

און העסל האָט נאָך אַמאָל געפֿרעגט.

— ווי קומסטו צו דער מיידל?...

טימאָכע האָט געשוויגן, ווי ער וואָלט ניט פֿאַרשטיין. און ער האָט טאַקע ניט פֿאַרשטאַנען, נאָר העסל האָט געגעבן צו פֿאַרשטיין.

— די מיידל איז מיינע. איך האָב שוין לאַנג געהאַלטן מיט איר אָפּשרייבן זיך, דו הערסט, ברודער?... ניטאָ וואָס צו קריכן אין פֿרעמדע וואָליקעס...

טימאָכע האָט שוין אינגאַנצן פֿאַרשטאַנען. אינעווייניק האָט עפּעס שטאַרק אַ בלאָז געטאָן, ווי א לאָקאָמאָטיוו-פֿייף, און ער האָט שיר ניט אויסגעקערט די אויגן אַף דער לינקער זייט, און ער האָט, ווי אַ לאָקאָמאָטיוו אויסגעפֿייפֿט הארט, און אומעטיקלעך:

— די מיידל, זאָגסטו, איז דיינע?... און דו ווייסט כאָטש, וואָס פֿאַר אַ פּאָנים זי האָט?.. דו האָסט זי עפּעס אַפֿילע אין די אויגן אָנגעזען?.. איך שעם זיך ניט פֿאַר דיר: איך האָב זיך מיט איר געטראָגן, געניאַנטשעט, ווי אַ קינד געפּיעסטעט, זאָגסטע, אַז דאָס מיידל איז דיינע... האַ?... העסל האָט געשוויגן. ער איז געשטאַנען, ווי אַ מענטש, וואָס האָט זיך מיט אַמאָל דערמאָנט, אָן לאַנג פֿארגעסענע זאכן. ערשט איצט האָט ער זיך געכאַפּט, אַז אַ בלום האָט געוואַקסן בא אים אין הארצן, נאָר ער האָט פֿאַרגעסן זי צו באַגיסן. ער האָט איר פֿאַרשלאָפֿן... פֿאַר אַנדערע געלאָזן...

אַפֿן הארצן האָבן נאָדלען געשטאָכן. יעדערע פֿון זיי האָט געוויס אויסגעשטאָכן אַ טראָפּנדל בלוט, ווייל ער האָט דערפֿילט אַ נאַסקייט אין זיך.

— נו איז וואָס? לאָזן איר פֿאַר אַ אנדערן? ניט קושן מער איר מיילכל? ניט כאַפּן מער קיין פּעטש? ניין! אָן דעם וועט ער ניט קאָנען אויסקומען. דאָס האָט זיך שוין פֿעסט איינגעבירגערט אין זיין מויעך.

ער האָט טעמפּ געכאַזוערט:

— די מיידל איז מיינע! די מיידל איז מיינע!

נאָר טימאָכע האָט זיך שוין ניט פֿאַרטיידיקט. ער איז אַריבער אין אָנגריף, און ער האָט גענומען רעציכעדיק שרייען מיטן גאַנצן פֿייער, וויפֿל ער האָט נאָר געהאט:

-- דו הערסט!?... די מיידל איז גאָר מיינע! זי איז מיינע!

און ס'איז ווייטער געוואָרן שטיל. און העסל האָט אַ קלער געטאָן, אַז טימאָכע איז אומגערעכט, און העסל האָט אַ קלער געטאָן, אַז טימאָכע איז גערעכט. און זיי זיינען געזעסן איינער אַנטקעגן דעם צווייטן. און איינער אַפֿן אנדערן האָט געהאלטן אַ שטילן קאַס, און איינער אַפֿן אַנדערן האָט ראַכמאָנעס געהאט. אַ געמיש פֿון געפֿילן האָט געשטראָמט, און וווהין אויסגיסן זיך האָט ער ניט געוווּסט.

און טימאָכע איז געוואָרן נאָך שטילער. ער האָט פֿריער געשריען מיטן גאַנצן פֿייער, וואָס ער האָט נאר געהאט, איצט האָט ער זיך אינגאַנצן אויסגעליידיקט, די גאַנצע לאַווע אויסגעגאָסן, און ער איז איצט געבליבן אינגאַנצן אָן פֿייער. און אָנגרייפֿן האָט ער שוין מער ניט געקאָנט. און ער האָט אויך פֿאַרשטאנען, אז אַ מיידל קאָן מען ניט צוטיילן, און קיין צוויי פֿיס אין איין שוך קאָן מען ניט אַריינשטעלן. און אינגאַנצן צונעמען זי קאָן מען ניט. און אינגאַנצן לאָזן קאָן מען אויך ניט. איינער מוז דאָ צונעמען די פֿוס. נאָר ווער?.. און ווי באלד קיין ענטפֿער אַף דעם האָט ער ניט געקראָגן, און די לאַווע פֿון זיך האָט ער שוין אַרויסגעוואָרפֿן, האָט ער שטיל אונטערגעמורמלט:

— ווי באלד אזוי איז ניט מיר און ניט דיר...

פרעס האָט זיך פאַרכאפּט:

— ניין! אזוי קאָן מען ניט ליון!.. ווי ט'ער געזאָגט? „ניט מיר און ניט דיר"? ס'איז ניט קאָמוניסטיש. דאָס מוז אַפּאַנים זיין קליינבירגערלעך. עס דארף אַנדערש געלייזט ווערן.

און טימאָכע האָט פאַרשטאנען, אז העסל איז גערעכט, און טימאָכע האָט געשוויגן. ער האָט קימאט אַזעלכע סצענעס געזען אין קינאָ. אָבער טימאָכע האָט קיינמאָל ניט געקלערט, אַז אַזעלכע סצענעס קאָן מען איבערלעבן אויסערן קינאָ.

איצט האָט טימאָכע גאָרניט געקאָנט, איצט האָט טימאָכע ניט געוווסט וואָס צו טאָן! קיין צוויי פיס אין שוך—ווייס ער, קאָן מען ניט ארייַנשטעלן. און ער האָט איצט אַרייַנגעשפּארט א פוס, און עס קוועטשט, און ניט מען קען אַרויסנעמען, און ניט מען קאָן איר לאזן. און טימאָכע האָט אַ קוק געטאָן אַף העסלען און דערזען, אַז ער שטייט און ער קוועטשט אין זיך עפּעס איין, פונקט, ווי אינעווייניק אין אים וואָלט אַ קאץ געיאָמערט—און ער ציטערט, אז אָט-אָטאָ וועט מען דערהערן דעם יאָמער. און ער האָט דערזען, אַז באַ העסלען איז עפּעס מער ווי אַ שוך אַף אָנטאָן...

און אָט העסל דער פאַרוואַלטער, וואָס האָט געבויט דעם מויער—וואָס איז אַליין אַ שטיק מויער—שטייט אים אַנטקעגן. ער האָט דערפילט—טימאָכע, אַז א מויער האָט זיך אים געשטעלט אַפן וועג, און ער קאָן סאַי-ווי-סאַי ווייט ניט גיין.

אַלץ האָט געקאָנט טימאָכע. ער האָט אָבער ניט געקאָנט שפּרינגען איבער מויערן. און זיין האַרץ—פאַרמויערן האָט ער אויך ניט געקאָנט.

ער האָט זיך אַ קער געטאן צו העסלען און געזאָגט:

— הערסט, העסל, ביסט עפּשער גערעכט... איך בין דאָ טאקע איבעריק.

און האָט שטילער צוגעגעבן מיט אונטערטעניק-ווייטאָקדיקן שמייכל:

— מיילע... כ'זע, זי איז פאַר דיר גענייט געוואָרן... נו... מיילע... טראָג געזונטערהייט!.. אַבי כ'האָב געמיינט ס'איז פאַר מיר אַ שוך... געפּרוווט אָנטאָן, האָסטע מיר געזאָגט „גיי" געזונטערהייט"... אַזוי דאכט זיך ווינשט מען דאָך, האַ?

אָט די שטיל-ווייטאָקדיקע ווערטער האָבן דורכגעשניטן אין טימאָכען ווי פרעסן. באַ טימאָכען האָבן זיי איבערגעשניטן זיין אויבערשלאַק—ווייל היינט האָט פרעס צום ערשטן מאָל אין לעבן—דערזען טימאָכעס אונטערשלאק, ער האָט אים דערזען אַף דורך און דורך, און ער האָט דערזען, אַז טימאָכע איז עפּעס מער ווי ער האָט געמיינט וועגן אים, ער האט זיך געכאפּט, אַז אַזויפיל צייט, ביז היינטיקן טאָג, האָבן זיי געטראָפן איינע די אַנדערע, און געזען נאָר דעם אויבערשטן שאָלעכץ, מערניט דעם דינעם אויבערשלאַק. און היינט האָט זיך דורכגעריסן באַ זיי דער אויבער-שלאק—און ערשט האָט ער דערזען, ער איז אַזוינס טימאָכע.

פרעס האָט אים דערלאנגט זיין האַנט, זיין גרויסע האַנט, וואָס איז אינגאַנצן געווען באַדעקט מיט פינגער-הויטן.

און ביידע האָבן זיך פאַרקערט צום טיר, פון איין זייט אַ שפּיגל, פון דער צווייטער זייט אַ פענצטער. אין שפּיגל האָבן זיי דערזען איינער דעם אנדערנס פּאָנים. עס איז קענטיק געווען, אַז פריער האָט זיך אין זיי עפּעס געקניינטשט, גענעצט, נאָר איצט האָט זיך שוין דורכגעלופטערט, און אַף זיי האָט זיך שוין גענומען איבערציִען אַ פרישקייט, פונקט, ווי די ערד נאָך אַ רעגן.

און דערנאָך האָבן זיי איבערגעוואָרפן זייער בליק אַפן פענצטער.

פון פענצטער האָבן זיי שוין זייער בליק ניט אָפּגעריסן. אַ אומזיכטבאַרער פאָדעם האָט זיי שוין צוגעבונדן צום פענצטער.

זיי האָבן געקוקט מיט געקויפּלטע אויגן, מיט פאַרגרעסערטע ווייסלען און פייערלעך אין די שוואַרצלען. זיי האָבן געזען:

אַפן הויף אונטערן שיין פון לעוואָנישן לייכטנדיקן נעפל, און אונטערן שיין פון לעמפּעלעך—רויטע בלויע, געלע, גרינע, שפּאַצירן זיך אום, ציפּקעלע מיט דיוואַנטשיקס באַכערל, אָט מיט דעם גאַיוועסדיקן אַריסטאָקראטל, וואָס האָט נאָך קיינמאָל קיינעם קיין גוטמאָרגן ניט געענטפערט, און וועלכן מען האָט, דאַכט זיך קיינמאָל ניט באמערקט, ווייל ער האָט קיינעם ניט באמערקט.

ער האַלט איצט פעסט ציפּקעלען, אָט די ציפּקעלע, וואָס איז געווען אַ אייגענע, אַ בלוטיקע, מיט וועלכער מען האָט אָפּגעשפּילט אַ גאַנצן זומער, באַהאַלטנדיק טרוימען אַף ווינטער...

זיי האָבן מיט גוואַלד אָפּגעריסן דעם בליק פון פענצטער, און טיף ארייַנגעקוקט איינער דעם צווייטן, ווייל זיי וואָלטן וועלן דערגיין אַלץ, אַלץ וואָס האָט געשען, דערגיין עס איינעם באַם אַנדערן אין די אויגן, וואָרעם וו קען מען נאָך ערגעץ לעזן, אויסער אין זיי?... נאָר זיי האָבן איינער באַם צווייטן, גאָרניט ניט געטראָפן, ווייל אָפּגענאַרטע זיינען זיי געווען די אויגן, און זיי האָבן זיך פאַרשעמט און זיי האָבן זיך פאַרמאכט. יאָ! אויך אַף דעם האָט זיך טימאָכע ניט גערירט. נאָר צי האָט ער זיך געדאַרפט ריכטן?... אַפּאָנים, אַז יאָ.

ער האָט די אויגן ניט אופגעהויבן, נאָר ער האָט ווי עס איז געהויבן די ליפּן:

— האַ, העסל?.. סט'געבויט אַ מויער... צוגענומען אים באַ דיוואַנטשיקן... אַלץ האָבן מיר צוגענומען באַ די בורזשויען?... און מיר האָבן גענומען פונדעווען אין אונדזער האַרץ... כ'ווייס?... דאַכט זיך אַ מיידעלע אַ גאָלד... קומט אַ דיוואַנטשיקל, א נאָגידס אַ זונדל, און ט'איר אָפּנעמען באַ אונדז... האָבן מיר, הייסט עס ניט אַלץ צוגענומען באַ זיי... האַ, העסל?...

פרעס האָט דערווייל געשוויגן, באַ אים האָט נאָך געהערשט די גרויזאַמע שטילקייט, וואָס פאַר אַ שטורעם. קאָנטיק, אַז באַלד וועט באַ אים עפּעס אַרויסשפּאַרן, נאָר דאָס האָט מען דערווייל געקאָנט זען נאָר דורך די פענצטער פון קאָפּ—דורך די אויגן.

און טימאכע האָט ווייטער גערעט:

— האָט ער איר געוויס בראָשקעלעך געקויפּט... גאָלדענע... זי האָט עס ליב... וועט זי צו אים געהערן האַ, העסל?...

באַ העסלען איז איצט געווען אַ געלאַף, אַ געשטופּעריי פון געדאַנקען, געפילן. ערשט איז אָנגעלעפן דער געפיל פון איי-פערזוכט, נאָר נייע געפילן האָבן אים גלייך פאַרטריבן. צו

וועמען?... אָט די פייגעלע, וואָס זינגט פאַר אַלעמען, איז איבערגעפלויגן צו אַ דיוואַנטשיקל?...

און פרעס איז איצטער ניט געווען פרעס, ער איז געוואָרן אַ מאַשין, יעדער אָדערל, יעדער הויט-טיילכל, יעדער בלוטקייקעלע, האָט איצט אויסגעאַרבעט באַ אים א נייעם געפיל, אַ געפיל, וועלכן ער האָט שוין לאַנג פאַרוואָרפן, דער געפיל פון סינע. ס'איז ניט די סינע, וואָס קלייבט זיך ביסלעכווייז און ווערט האַלבגעבאַקן. ס'איז די גרויסע סינע, וואָס ווערט אָנגעצונדן מיטאַמאָל, ווי אַ בענגאַלישער פייער, די סינע, וואָס קומט נאָך דער מיטאַמאָל פאַרגאָסענער ליבע...

און צווישן אָט די געפילן האָט זיך נאָך געדרייט אַ געפיל פון עקל און פאַרדראָס. אַ פאַרדראָס אַף דעם, וואָס ווי האָט עס גאָר געקאָנט זיין מויערנע האַרץ אָנגערירט ווערן פון אַזאַ זינגפייגעלע. ווי אַזוי ווערט עס, פונדעסטוועגן, אַזא האַרץ לעכאַטכילע אָנגעטאָמשעט? ס'איז אַפאָנים איינע פון די איבערבלייבענישן, אַ איבערבלייבעניש, מיסטאָמע, פון דער אַלטער-געזעלשאַפט.

ערשט איצט האָט ער זיך דערמאָנט אָן טימאָכעס לעצטע ווערטער.

זאָל זי אים געהערן מיר דאַרפן זי ניט: הערסט, טימאָכע?... פאַר אונדז טויג זי ניט: מיר דאַרפן האָבן אַ געזינטערן עליעמענט... פאַרשטייסט?..

נו... דו פאַרשטייסט דאָך!

טימאָכע האָט עס נאָך איינגאַנצן ניט באַנומען. ער איז נאָך אַלץ געגאַנגען און געצויגן זיין פריערדיקן געדאַנק, אַז אַלץ דאַרף אים געהערן, טימאָכען.

העסל האָט דערפילט וועגן וואָס טימאָכע טראַכט. ער האָט געזאָגט:

— הערסט, טימאָכע, אונדז וועט געהערן אַלץ, אַלץ וואָס מיר דאַרפן. אָט האָבן מיר גענומען אַ מויער, און געמאַכט פון אים, אַ צאַצקע האָבן מיר פון אים געמאַכט... אָבער וואָס מיר דאַרפן ניט, לאָזן מיר איבער... שמאַטעס לאָזן מיר... פאַרשטייסט?..

טימאָכע האָט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, ווייל ער דערפילט, אַז עס ווערט אין קאָפּ באַ אים קלאָרער, אַז עס הערט אויף צו שטעכן דער ווייסאָק.

ער איז געגאַנגען און האָט אונטערגעברומט:

הער... יע... אַ מויער... אָט שטייט ער... אָט שטייט זי דיין ליימענע קאַלע... האַ, העסל? אַזאַ קאָן דאַכט זיך ניט אַנטלויפן?

זיי זיינען אַרויס אַפן גאַס. און הינטער דעם מויער—די „ליימענע קאַלע״—וואָס איז היינט טאַקע געווען באַהאַנגען, ווי אַ קאַלע, מיט לעמפלעך, פאַטשערקעס, רויטע, בלויע, געלע, גרינע, הינטער זיינען געשטאַנען אַסאַך מויערן, געשטאַנען ווי מעכוטאָנים, ברידער, שוועסטער, אַ גרויסע מויערן-מישפּאָכע, אַלע אין פייערלעך, מיט וועלכע זיי האָבן זיך דורכגעווונקען, זיי דערציילן, געוויס, וועגן דעם, אַז מענטשן האָבן געלייגט ציגל צו ציגל, געבונדן איינער צום אַנדערן, און געהויבן אַ שטאָק אַף אַ שטאָק. און איצט איז דער יאָנטעוו פון די מענטשן. איצט איז געוואָרן צען יאָר, זינט אָט די מענטשן, די בויער, האָבן גענומען אויך באַלעבאַטעווען איבער זיי.

און העסל האָט באַקוקט אָט די אַלע מויערן, און צו די אַלע געפילן איז אים אָנגעלאָפן אין האַרצן נאָך אַ געפיל: פרייד. ער האָט דאָ אויך אַ כיילעק, אָט שטייט זי זיין „ליימענע קאַלע״. ער האָט אויך געבויט אַ מויער!

און אַפן גאַס האָט געשיינט די לעוואָנע, און די נאַכט איז געווען אַ קלאָרע, און דער הימל איז געווען אַ פעטער, ווי אַ קלאָרע פעטע יויך, און די לעוואָנע אינמיטן—אַ גאָלדערנע טעלערל.

און טימאָכע האָט געקלערט:

— און פון דער טעלערל וועלן מיר נאָך אויך עסן!...

י. פעפער.

# לידער

* * *

אין איינעם אַ שטעטל אף בליאיקע ברעגן,—וואָס דאַרפט איר דעם נאָמען?
אין עפעס אַ שטעטל מיט שטיבלעך ווי קעלערס, מיט געסלעך און קראָמען
אַ מאַרק איז געשטאַנען, אַ מאַרק האָט גערודערט אף פּלאַץ אַפן ברייטן
מיט בלאָטיקע יאַטקעס, מיט געלע רונדוקעס, מיט קרעמערס און נידעריקע קלייטן.
אַ מאַרק איז געשטאַנען מיט פורן, מיט קרעציקע הינט און מיט קעץ און מיט ציגן
אַ בעטלער איז איינזאַם געזעסן און איינזאַם געזופט אַ פאַרטרויערטן ניגן.
אַ בעטלער אַ צווייטער, אַ דריטער, אַ פערטער, אַ גרויער אַ בלינדער,
אַ גויע, אַ צווייטע, אַ דריטע, אַ פערטע אַ גרויע מיט פיצעלעך קינדער.
שווינדל מיט מאַרק און מיט שטויב, און מיט ראַש, און מיט שאָען מיט דולע
מיט מענטשן צוהיצטע, מיט ווייבער צומישטע, מיט קאָשיקעס פוסטע און פולע.
פון דערפער, פון נאָענטע דערפער פון וואַרעמע כאַטעס, פון זאַטן געלעגער
קומען די פויערים, שאָפענע סוויטעס, פויערטעס ברוינע אף סקריפנדע וועגענער
שיקן די שטיבלעך ארויס אַפן מאַרק, אַפן פלאַץ אַפן ברייטן אַ שוועסטער, א מוטער
אַ פלעשעלע מילך, אַ פלעצעלע קעז און אַ פלעצעלע פוטער.
און יידן מיט בייכער, מיט פעטע, מיט פענימער זאַטע, מיט מאַרקן צופרידן
מיט קעשענעס ברייטע, מיט גלאַנציקע שיך אף די מאַרקן — די גווירישע יידן
מישט זיך צונויף אָט—דער ראש פון די וועגענער מיט היסן געפילדער פון קראָמען
אין איינעם א שטעטל אף בליאיקע ברעגן,—וואָס דאַרפט איר דעם נאָמען?

---

## אף ווערסטן פון רו.

Чуден днепр при тихой погоде...
*Н. В. Гоголь.*

שיין איז דער דניעפר באַנאַכט ווען ער שלאָפט,
ווען אף ברעגן אף פינצטערע כאָלעמען וועלדער,
באדעקט מים נאַכט און מיט נאַכטישער רו,
און שטערן צושיטן זיך שטיל אַפן ברעג
און הימל איז טונקל און שלאָפט אַפן וואַסער,
אַ שיפל גייט אָפּ פונם ברעג ערגעץ ווייט
און שלעפט זיך אליין אף פאַרשלאָפענע כוואַליעס
דאָס שיפל גייט אָפּ און סע שווימט און סע שווימט.
און מע זעט ניט וווהין און מע זעט ניט פונוואַנען
טראָגט זיך א ליד פון אַ נאָענטן וואַלד
הערט זיך א פייף פון פאַרדרימלטע באַנען.

רויק איז דאָרט אַפן דניעפר באַנאַכט
אַלץ איז פאַרטאַיעט און שווייגט אַפן ברעג
קלויסטערשע שפיצן אין נאַכטישן גאָלד
ווילן ניט רוישן און ווילן ניט קלינגען.
שיין איז דער דניעפר באַנאַכט, ווען ער רוט,
אינדזעלעך ליגן ווי היימלאָזע שליופקעס.
אין זיידענע פאַלדן פון טונקעלער לופט
באַהאלט זיך פאַרדרימלט דאָס איינציקע שיפל,
אַף וואַסערן בלויע, אף ווערסטן פון רו
שפרייט זיך אַ נייע, א גאָלדענע שאָ.

---

## דער דניעפר שמייכלט.

דער דניעפר שמייכלט כוואליעש
די הויך אין בלאָ און ריין
און איך מיט ראָכל קאליש
מיר בלאָנקען דאָ אליין.

מיר בלאָנקען און מיר קלערן,
און ראָכל פרעגט פאַרטראַכט:
— איך בעט דיך וויפל שטערן
באהאלט אין זיך די נאַכט?

— ווי קאָן איך וויסן וויפל?
זי פרעגט א יונגע פרוי.
איך קוק אַף וויטן שיפל
און כ׳טראַכט פון דניעפרבוי.

---

## אין איינעם אַ טאָג.

אין איינעם אַ טאָג איז א צווייטער אַוועק
איבער שטעטלעך און שטעט נאָך א ביסעלע מי
געקומען אַ הין צום צווייטן ברעג
אין הויכן זאַוואָד מיטן נאָמען „מארטי".

ברייט און פעסט זיינען דאָרט די ווענט,
געדיכט און שוואַרץ איז דאָרט דער רויך,
געבראַכט אהין זיינע שטעטלשע הענט
— נאַט אייך די הענט און נעמט מיך אויך.

די גרינגסטע מי איז דאָ ניט גרינג
זי קאָסט געגנוג אי בלוט, אי שווייס,
— איך ווייס עס גוט. נאָר איך בין יונג,
איך ווייס עס גוט, איך ווייס.

דער פאָטער דערציילט מיט פרייד און מיט ווי
ער ארבעט דאָרט אזא שווערע מי!
ער ארבעט שוין דאָרט קימאַט אַ וואָך צוויי
אין הויכן זאַוואָד מיטן נאָמען „מארטי".

---

## מוטערס אַף ברעגן...

מוטער׳ס אף ברעגן, קינדער אין די וויגן
וויגן זיי די מוטער׳ס מיט אַן אַלטן ניגן.

קינדער אין די וויגן רויטינקע און ווייסע
וויפל יאָרן ציט זיך אָט—די שטילע מאַיסע?

ווילן זיי ניט שלאָפן אין א נאַכט, א טריבער,
שרעקן זיי די מאַמעס מיט צערייצטע רויבער.

„ווייט דאָרט אַף די ברעגן שטייט א וואַלד אן אַלטער,
„הונדערטער רויבער אין דער טיף באהאלט ער.

„אונטער אלע פענצטער שטייען די גאַזלאָנים"
. . . . . . . . . . . . . . .
ווערן יינגלעך טיפער, בלאסער ווערט דאָס פּאָנים.

און א שניי צויאָגט זיך נידעריקער, העכער
און א ווינט צושרייט זיך אַף די ווייסע דעכער.

און די מאַמעס זיצן און דערציילן ווייטער:
„איז אמאָל געלאָפן אין א וואַלד אַ רייטער

„צווישן הויכע בוימער איז דאָס פערד געפלויגן
„פלוצלונג אין די קוסטעס זעט ער פרעמדע אויגן.

„כאַפט מען און מע טויט אינם וואַלד, דעם אלטן
„און אין יענע קוסטעס האָט מען אים באהאלטן.

„אויב די קינדער וועלן אויגעלעך ניט פאַרמאכן,
„וועלן רויבער קומען פון פאַרשנייטע שליאכן".

מיט אזעלכע מאַיסעס פלעגט דאָ סארע-הינדע
וויגן אירע זיבן וואַקסנדיקע קינדער.

און אזעלכע מאַיסעס זיינען אָפּט געשוווּמען
בא דעם וויג פון עלטסטן מיטן נאָמען שימען.

מ. לוריע.

# 80 יאָר קאָמוניסטישער מאַניפֿעסט און די פּאַריזשער קאָמונע.

„אַ געשפּענסטער שפּרייזט אַרום איבער אייראָפּע—דער געשפּענסטער פֿון דעם קאָמוניזם", מיט די ווערטער הויבט זיך אָן דער פֿונדאַמענט פֿון דעם וויסנשאַפֿטלעכן סאָציאַליזם—פֿון דעם מאַרקסיזם, פֿאַרקערפּערט אין דעם אומשטערבלעכן מייסטערווערק—דעם „קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט". אַזוי האָבן מאַרקס און ענגעלס געקאָנט שרייבן שוין מיט 80 יאָר צוריק, ערעוו דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע פֿון 1848. און ניט נאָר, ווייל זייער גלויבן אין דער רעוואָלוציע איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז אָפּשליסנדיק דעם מאַניפֿעסט, האָבן זיי געזאָגט, אַז „די (פֿאָרשטייענדיקע) דייטשישע בירגערלעכע רעוואָלוציע (פֿון 1848) קאָן ווערן דער דירעקטער פֿאָרשפּיל פֿון אַ פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע", נאָר ווייל דער קלאַסנקאַמף האָט שוין דעמלט דערגרייכט אַזאַ מאַדרייגע, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט די בלוטיקע יונ-טעג אין פּאַריז פֿון 1848.

דער געשפּענסטער פֿון 1848 איז אָבער איצט געוואָרן אַ רעאַלער קויעך. דער אַנאַליז פֿון מאַרקס און ענגעלס, זייער פֿאָרויסזאָגן, ווערט שוין איצט פֿאַרווירקלעכט. דאָס ווייס יעדער איינציקער, וואָס האָט נאָר דעם מוט צו קוקן דעם היסטאָרישן עמעס אין די אויגן. און די בורזשואַזיע האָט דעמדאָזיקן מוט, זי זעט אויסגעצייכנט, וואָס עס שטייט איר פֿאָר, זי איז בעשום אויפֿן ניט פֿאַרבלענדט. שוין ניט פֿאַרבלענדט דערפֿאַר, ווייל דערדאָזיקער געשפּענסטער פֿון דעם קאָמוניזם פֿון 1848 האָט איצט אָנגענומען די געשטאַלט פֿון דעם „פֿאַרבאַנד פֿון די סאָציאַליסטישע סאָוועטישע רעפּובליקן".

זעענדיק, אַז זי געפֿינט זיך פֿאַר איר גסיסע, ראַנגלט זיך די בורזשואַזיע מיט די לעצטע קרעפֿטן פֿון דעם גויסעס קעגן דעם מאַלעך-האַמאָוועס. און דערדאָזיקער מאַלעך-האַמאָוועס איז ווידער אַמאָל דער קאָמוניזם, פֿאַרקערפּערט אין זיין טרעגער דעם „קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל".

ניט זייענדיק אין אייראָפּע—דעריקער אין פּאַריזש, דער קלאַסישער שטאָט פֿון די רעוואָלוציעס און דעם קלאַסנקאַמף,—קען מען עס גאָר ניט שפּירן אַזוי לייבלעך, קען מען דאָס נאָר פֿאַרשטיין ריין טעאָרעטיש. דאָ, אין צענטער פֿון אייראָפּע, איז ניט נאָר, וואָס מען שפּירט, נאָר מען זעט בעכויש, ווי בוכשטעבלעך אַלע, פֿון דעם „סאָציאַליסט" ביז דעם פֿאַשיסט, זיינען באַוואָפֿנט קעגן דעם „געשפּענסטער פֿון דעם קאָמוניזם". נאָך ניט אַריינפֿאָרנדיק קיין פּאַריזש, זיינען אייך שוין מעקאַבל-פּאָנים גוואַלטיקע פּלאַקאַטן, קימאַט פֿון 1 א האַלב מעטער אין דער לענג און אַ מעטער אין דער ברייט, מיט דער אויפֿשריפֿט: „עס איז נאָר וואָס אַרויס אַ בוך „קעגן דעם קאָמוניזם", פֿון קאָטי", דעם פֿירער פֿון די פֿראַנצויזישע פֿאַשיסטן. און דערדאָזיקער פּלאַקאַט באַפּוצט בוכשטעבלעך גאַנץ פּאַריזש.

היינט ווי איז געפֿירט געוואָרן די קאַמפּאַניע צו די וואַלן אין פּאַרלאַמענט, וואָס זיינען פֿאָרגעקומען דעם 22-טן אַפּרעל! געוויס, עס זיינען דאָ „ניואַנסן". לאָנגע, דער פֿירער פֿון די פֿראַנצויזישע סאָציאַליסטן, רעדט מיט אַנדערע ווערטער, ווי קאָטי און פּואַנקאַרע—דער וועג איז אָבער דערזעלביקער: קאַמף קעגן דעם געשפּענסטער פֿון דעם קאָמוניזם. „ווען מאַרקס... וואָלט דאָס נאָר געזען מיט זיינע אייגענע אויגן!" שליסט אָפּ ענגעלס דעם לעצטן פֿאָרוואָרט צום „קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט", וואָס איז דאַטירט אין לאָנדאָן דעם 1-טן מאַי 1890, נאָך דעם, ווי ער סקיצירט דעם גוואַלטיקן פֿאָרטשריט, וואָס די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער-באַוועגונג האָט געמאַכט זינט דעם טאָג, ווען דער „קאָמוניסטישער מאַניפֿעסט" האָט זיך געווענדעט מיט דעם רוף: „פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער, פֿאַראייניקט זיך!" און וואָס נאָר ווייניקע שטימען האָבן זיך דעמלט אָפּגערופֿן. און מיט נאָך גרעסערן רעכט קאָנען מיר זאָגן איצט: ווען מאַרקס וואָלט נאָר געזען מיט זיינע אייגענע אויגן, ווי דער געשפּענסטער האָט אָנגענומען אַ לייבלעכע געשטאַלט און שפּרייזט איבער דער שיינע פֿאָר: לאָנגע און קאָטי!

* * *

דערשינען איז „דער קאָמוניסטישער מאַניפֿעסט" (צוערשט אין דייטש) קורץ פֿאַר דער פֿעווראַל-רעוואָלוציע פֿון 1848. עטוואָס שפּעטער, אָבער נאָך פֿאַר די יונ-טעג פֿון 1848, איז ער אַרויס אויך אַף פֿראַנצויזיש און אַף פּויליש. אין ענגליש ערשט אין 1850, און אַף רוסיש—נאָך שפּעטער (אין די 60-טער יאָרן אין גענף). מיטן אָנשרייבן פֿונם מאַניפֿעסט האָבן מאַרקס און ענגעלס דערפֿילט אַן אויפֿטראָג פֿון דעם „בונד פֿון די קאָמוניסטן"—דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע פֿון די 40-טער יאָרן. אַף זיין געהיימען קאָנגרעס פֿון לאָנדאָן, אין נאָיאַבער פֿון 1847, האָט דער „בונד פֿון די קאָמוניסטן" באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַן עפֿנטלעכע פּראָגראַם פֿון דעם „בונד". עס איז באַקאַנט, אַז ענגעלס האָט צוליב דעמדאָזיקן צוועק צוערשט זעלבשטענדיק פֿאַרפֿאַסט די „פּרינציפּן פֿון דעם קאָמוניזם", וואָס זיינען שפּעטער צום גרעסטן טייל אויפֿגענומען געוואָרן אין דעם „קאָמוניסטישן

מאַניפעסט", אזוי אז די פֿאַרפֿאַסער פֿון דעמדאָזיקן גרונט-ווערק פֿון דעם קאָמוניזם זיינען אי מאַרקס אי ענגעלס.

1. דער קלאַסנקאַמף. „די געשיכטע פֿון דער ביז-איצטיקער געזעלשאַפֿט איז די געשיכטע פֿון קלאַסנקאַמף". דאָס איז דער מאָטאָ פֿון דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט". קעדיי אויסצושמידן דעמדאָזיקן זאַץ האָט מען, קוידעמקאָל, געמוזט זיין באַוואָפנט מיט דעם גאַנצן אַפּאַראַט פֿון דער געשיכטע, וויסנשאַפֿט—פֿון דער געשיכטע פֿון די וויכטיקסטע לענדער און פֿעלקער (און אין דעם פּראַט איז נאָך זייער ווייניק געטאָן געוואָרן: איך מיין: אַז עס איז נאָך אַדהאַיעם ניטאָ אף קיין איין שפּראַך קיין אָנשטענדיקע אַרבעט, וואָס זאָל זיין ספּעציעל געווידמעט דער טעמע פֿון: „מאַרקס און ענגעלס אַלס היסטאָריקער"). מאַרקס און ענגעלס האָבן אָבער ניט נאָר באַהערשט דעם אַפּאַראַט פֿון דער בירגערלעכער היסטאָריאגראַפיע, נאָר זיי האָבן זיך מיט איין מאָל אַוועקגעשטעלט מיט אַ קאָפּ העכער פֿאַר דער גאַנצער עקזיסטירנדיקער בירגערלעכער געשיכטע-שרייבונג.

אין דעם ערשטן קאַפּיטל: „בורזשוואַ און פּראָלעטאַריער" אַנאַליזירט דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט" די ביזיצטיקע אַנטוויקלונג פֿון דער געזעלשאַפֿט: „דער פֿרייער און דער שקלאַף, דער פּאַטריציער און דער פּלעבייער, דער באַראָן און דער לייבאייגענער... מיט איין וואָרט, אונטערדריקער און אונטערדריקטע האָבן זיך טאָמיד געפֿונען צווישן זיך אין פֿיינטשאַפֿט, האָבן טאָמיד געפֿירט אַ ניט אונטערגעבראָכענעם, דעם אָפֿענעם, דעם באַהאַלטענעם קאַמף, וואָס האָט זיך געענדיקט יעדעס מאָל מיט אַ רעוואָלוציאָנערער איבערגרופּירונג פֿון דער גאַנצער געזעלשאַפֿט אָדער מיט דעם אונטערגאַנג פֿוןביידע קעמפֿנדיקע קלאַסן". דערדאָזיקער קאַמף איז אָבער געפֿירט געוואָרן פֿאַר באַהערשן די פּראָדוקציע-מיטלען. און אין זיי זיינען די פּראָדוקטיווע קרעפֿטן אף אזוי פֿיל אנטוויקלט, אז די הערשנדיקע געזעלשאַפֿטלעכע אָרדענונג הויבט אָן שטערן דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג פֿון דידאָזיקע פּראָדוקטיווע קרעפֿטן—מוזן ווערן צעריסן די קייטן, וואָס זיינען אַ שטערונג פֿאַר דעם געזעלשאַפֿטלעכן פּראָגרעס. דאָס געזעץ פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכער אַנטוויקלונג איז אָבער הער, אַז אין דעם שויס פֿון דער אלטער געזעלשאַפֿט ווערט געבאָרן די נייע: אין דעם שויס פֿון דער פֿעאָדאַלער אָרדענונג זיינען אַנטשטאַנען די שפּראָצן פֿון דער נייער אָרדענונג,—פֿון דער בורזשואַזער. די פּראָדוציר-קרעפֿטן, וואָס זיינען אנטוויקלט געוואָרן, באַ דעם ווייטערדיקן פֿאַרלויף פֿון דער פֿעאָדאַלער אָרדענונג, זיינען שוין געווען אַ סטירע צו דערדאָזיקער אָרדענונג. און פֿאַרקערט: די פֿעאָדאַלע געזעלשאַפֿט איז שוין געוואָרן אַ שטערונג פֿאַר די פּראָדוציר-קרעפֿטן, וואָס זיינען אנטשטאַנען אונטער איר אָרדענונג גופֿע. דער אלטער שטייגער פֿון דער פּראָדוקציע—די ווערקשטאַט, האָט מער ניט געקאָנט זעטיקן דעם מאַרק, וואָס איז אזוי פֿאַרגרעסערט געוואָרן דורך דער אַנטדעקונג און דורך דער קאָלאָניזירונג פֿון אַמעריקע; דער באַגרענעצטער קוואַנטום פֿון דער פּראָדוקציע האָט מער ניט געקלעקט פֿאַר דעם גרויסן מאַרק פֿון כינע און אינדיען, קורץ: די אלטע צעך-אָרדענונג, דער אויסדרוק און דער באַגלייטער פֿון דעם פֿעאָדאַליזם—האָט געמוזט ווערן באַזייטיקט, אינאיינעם מיטן פֿונדאַמענט: דעם פֿעאָדאַליזם גופֿע.

אפֿן אָרט פֿון דער פֿריערדיקער ווערקשטאַט איז אַנטשטאַנען די מאַנופֿאַקטור. די טיילונג פֿון דער אַרבעט האָט דורכגעמאַכט אַ ווייטערדיקע אַנטוויקלונג, אָבער אויך די מאַנופֿאַקטור האָט ניט געקאָנט זעטיקן די באַדערפֿענישן פֿון דעם גרויסן מאַרק. דאָס האָט געמוזט דערפֿילן דער דאַמף און דער אינדוסטריעלער אויפֿן פֿון דער פּראָדוקציע, דער דאמף האָט אָבער אויך פּראָדוצירט אַ נייעם קלאַס—די אינדוסטריעלע בורזשואַזיע. „אַזוי ארום איז די מאָדערנע בורזשואַזיע גופֿע דער פּראָדוקט פֿון א לאַנגן אנטוויקלונג-פּראָצעס, דער פּראָדוקט פֿון א גאַנצער ריי איבערקערענישן אין דעם שטייגער פֿון דער פּראָדוקציע און דעם פֿאַרקער".

זייענדיק אליין דער אויסדרוק פֿון דעם רעוואָלוציאָנערן שטייגער פֿון דער פּראָדוקציע, „קאָן די בורזשואזיע ניט עקזיסטירן, ניט רעוואָלוציאָניזירנדיק קעסיידער די אינסטרומענטן פֿון דער פּראָדוקציע, די פּראָדוקציע-פֿאַרהעלטענישן, אָדער מיט אַנדערע ווערטער די גאַנצע געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַרהעלטענישן". אָבער די בורזשואזיע גופֿע קען ניט עקזיסטירן, ניט האָבנדיק קעסיידער רעוואָלוציאָנירט די גאַנצע געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַרהעלטענישן, דאָס הייסט, אז מיט יעדן ווייטערדיקן טאָג פֿון איר אייגענעם קיעם פֿאַרקירצט די בורזשואזיע מיט דעם גופֿע איר אייגעגעם לעבן, שאַפֿנדיק אָט די קראַפֿט, וואָס וועט זי אליין אויך פונקט אזוי פֿאַרניכטן, ווי זי, די בורזשואזיע, האָט פֿאַרניכטעט דעם פֿעאָדאַליזם. דעמדאָזיקן אנאַליז שליסט אָפּ דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט" מיט דעם זאַץ: „דאָס געווער, מיט וועלכן די בורזשואַזיע האָט אוועקגעלייגט דעם פֿעאָדאַליזם, קערן זיך איצט קעגן דער בורזשואַזיע גופֿע. אָבער די בורזשואזיע האָט געשמידט ניט נאָר דאָס געווער וואָס ברענגען איר דעם טויט; זי האָט אויך געשאַפֿן די מענער, וואָס קאָנען האַלטן דאָס געווער אין האַנט—די מאָדערנע אַרבעטער, די פּראָלעטאַריער... זי פּראָדוצירט קוידעמקאָל איר אייגענעם קוואָרעס-מאַן".

דערדאָזיקער קלאַסישער אַנאַליז פֿון די געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַרהעלטענישן און פֿון דער ראָלע פֿון דער בורזשואזיע אנטהאַלט גלייכצייטיק אויך די לערע פֿון דעם קלאַסן-קאַמף. פונקט אזוי ווי דער בירגערלעכער קלאַס, די בורזשואזיע, האָט געקעמפֿט קעגן דער פֿעאָדאַלער אָרדענונג, און די פֿעאָדאַלן האָבן געקעמפֿט פֿאַר דערהאלטן דידאָזיקע אָרדענונג, פונקט אזוי קעמפֿט דער אַרבעטער-קלאַס, קעמפֿן די פּראָלעטאַריער קעגן דער בירגערלעכער אָרדענונג, און די בורזשואזיע—פֿאַרן דערהאלטן דידאָזיקע אָרדענונג. דערדאָזיקער קאַמף פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט קעגן דער בורזשואזיע טראָגט א פֿאַרשיידענעם כאַראַקטער, ער האָט פֿאַרשיידענע פֿאָרמען, וואָס אנטשפּרעכן דער מאדרייגע פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון דער אינדוסטריע און מיט דעם צוגלייך דעם וווּקס פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט אַלס קלאַס. לעכאַטכילע קעמפֿן די ארבעטער צושטרויט, אָפּגעזונדערט אין איינצלנע פֿאַבריקן, ניט אָרגאַניזירט, שפּעטער קעמפֿן זיי אין איינצלנע ערטער, אין איינצלנע שטעט. דאָס איז נאָך דער פּעריאָד, ביים די בורזשואַזיע

גופע העלפֿט אָרגאַניזירן דעם פּראָלעטאַריאַט, וועלכער קעמפּט נאָך פֿאַר די אינטערסן פֿון דער בורזשואַזיע קעגן דעם פֿעאָדאַליזם; דאָס איז דער פּעריאָד, ווען דער פּראָלעטאַריאַט אַנערקענט נאָך ניט זיין קראַפֿט אַלס קלאַס און זאַמלט נאָך ניט זיינע קויכעס אין גאַנצן נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב; דאָס איז ענדלעך נאָך דער פּעריאָד, ווען דער פּראָלעטאַריאַט קאָנקורירט צווישן זיך גופֿע און באַגרייפֿט נאָך ניט, אַז „די לוין-אַרבעט עקזיסטירט אויסשליסלעך אַף דער קאָנקורענץ פֿון די אַרבעטער צווישן זיך". דידאָזיקע קאָנקורענץ צווישן זיך גופֿע איז אַ שטענדיקע מעניע פֿאַר דער קאָנסטיטוירונג „פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט אַלס קלאַס און מיט דעם צוגלייך אַלס פּאָליטישע פּאַרטיי", און זי איז דער דירעקטער שוץ פֿאַר דעם קיעם פֿון דער בורזשואַזער אָרדענונג. אָבער וואָס ווייטער עס אַנטוויקלט זיך די אינדוסטריע, וואָס גרעסער עס ווערט די פּראָלעטאַרישע ארמיי, אַלץ קלאָרער דערקענט דער פּראָלעטאַריאַט די באַדייטונג פֿון דער קאָנקורענץ צווישן זיך אַלס געפֿאַר פֿאַר זיין אייגענעם קיעם, אַלץ גרעסער ווערט די שטרעבונג צו פֿאַרבייטן „די איזאָלירונג פֿון די אַרבעטער צוליב דער אייגענער קאָנקורענץ—דורך דער רעוואָלוציאָנערער פֿאַראייניקונג, דורך דער אַסאָציאַציע"—אַפֿן אָרט פֿון צושפּליטערונג קומט די אָרגאַניזאַציע, אַפֿן אָרט פֿון דער קלאַסן-קאָנקורענץ—די קלאַסן-סאָלידאַריטעט. זיינען אָבער די אינטערעסן פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט אינטערנאַציאָנאַל און ניט נאַציאָנאַל באַגרענעצט, מוז פֿונדעסטוועגן דער פּראָלעטאַריאַט פֿון יעדן איינציקן לאַנד ווערן קודעם-כּל פֿאַרטיק מיט דער בורזשואַזיע פֿון זיין אייגענעם לאַנד"—א זאַך, וועלכן דער מענשעוויזם פֿון אַלע שאַטירונגען האָט פֿאַרשטאַנען אזוי אויסגעצייכנט צו פֿאַראַטן... אין נאָמען פֿון דעם מאַרקסיזם!

האָט אָבער מאַרקס אַנטדעקט דעם קלאַסן-קאַמף אין דער געזעלשאַפֿט? דידאָזיקע פֿראַגע האָט לענין געשטעלט אין זיין „מעלוכע און רעוואָלוציע" און האָט אַף דערדאָזיקער פֿראַגע געמוזט זעלבסטפֿאַרשטאַנדלעך ענטפֿערן מיט: ניין! אַזוי האָט ער געמוזט ענטפֿערן אַפֿן סמאַך פֿון דעם, וואָס מאַרקס האָט אליין געזאָגט און געשריבן. אין א בריוו צו ווידעמייער פֿון 5-טן מאַרט 1852 שרייבט מאַרקס בעזע האלאָשן: *)

„וואָס עס איז שייעך צו מיר, געהערט מיר ניט דאָס פֿאַרדינסט צו האָבן אַנטדעקט ניט די עקזיסטענץ אין דער מאָדערנער געזעלשאַפֿט און אויך ניט איר קאַמף צווישן זיך. בירגערלעכע היסטאָריקער האָבן שוין פֿון לאַנג פֿאַר מיר געשילדערט די היסטאָרישע אַנטוויקלונג פֿון דעמדאָזיקן קאַמף פֿון די קלאַסן, און בירגערלעכע עקאָנאָמיסטן—די עקאָנאָמישע אַנאַטאָמיע פֿון די קלאַסן. וואָס איך האָב געדאַרפֿט טאָן איז צו דערווייזן: ערשטנס, אַז די עקזיסטענץ פֿון די קלאַסן איז געבונדן בלויז אָן באַשטימטע היסטאָרישע אַנטוויקלונג-קאַמפֿן פֿון דער פּראָדוקציע, צווייטנס; אַז דער קלאַסן-קאַמף פֿירט אומבאַדינגט צו דער דיקטאַטור פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט; און דריטנס, אַז דידאָזיקע דיקטאַטור גופֿע

*) פֿאַרעפֿנטלעכט פֿון מערינג אין דער נייער צייט. באַנד $XXV/_2$, 1907, זייט 164. ציטירט אין דער „מעלוכע און רעוואָלוציע" זייט 32 (ריטשישע אויסגאַבע).

שטעלט פֿאָר נאָר דעם איבערגאַנג צו דער באַזייטיקונג פֿון אַלע קלאַסן און צו דער שאַפֿונג פֿון אַ געזעלשאַפֿט אָן קלאַסן".

עס איז ניט קיין צופֿאַל, אַז ערעוו דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע האָט לענין אויפֿגעשטעלט דידאָזיקע פֿראַגע. אין דער עפּאָכע פֿון דער הערשאַפֿט פֿון קערענסקי און צערעטעלי, אין דער עפּאָכע פֿון דער קאָאַליציע מיט מילוקאָוו און גוטשקאָוו—אין דער עפּאָכע פֿון דעם אָפֿענעם פֿאַראַט פֿון די אינטערעסן פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט און פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע—האָט לענין געדאַרפֿט דערווייזן, אַז עס איז נאָך ווייניק צו „אַנערקענען" דעם קלאַסן-קאַמף, וועלכן די בירגערלעכע היסטאָריקער האָבן געמוזט אַנערקענען, אַז מיטן „אַנערקענען" דעם קלאַסן-קאַמף אַליין, ניט ציענדיק דערפֿון די נויטיקע קאָנסעקווענצן, ווי דאָס האָט געטאָן מאַרקס, הייסט נאָך לעגאַמרע ניט, אַז מען אַנערקענט די אומפֿאַרמיידלעכקייט פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, די אומפֿאַרמיידלעכקייט פֿון דער דיקטאַטור פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט:

„דאָס וויכטיקסטע אין דער לערע פֿון מאַרקס איז דער קלאַסן-קאַמף. אַזוי זאָגט מען און אַזוי שרייבט מען זייער אָפֿט. אָבער דאָס איז לעגאַמרע פֿאַלש, און פֿון דעם גופֿע ווערט דער מאַרקסיזם אַף שריט און טריט אָפּאָרטוניסטיש פֿאַרדרייט און פֿאַרפֿעלשט אין דעם גייסט, ווי דאָס פּאַסט פֿאַר דער בורזשואַזיע. ווארעם די לערע פֿון דעם קלאַסן-קאַמף איז געשאַפֿן געוואָרן ניט פֿון מאַרקס, נאָר שוין פֿאַר אים פֿון דער בורזשואַזיע גופֿע, און דידאָזיקע לערע איז, סטאַם גערעט, פֿאַר דער בורזשואַזיע אָן אָנעמבאַרע. וואָרעם דער, ווער עס אַנערקענט נאָר דעם קלאַסן-קאַמף, איז נאָך ניט קיין מאַרקסיסט, דער קאָן נאָך זייער גוט בלייבן אין דעם גוווּל פֿון דעם בירגערלעכן דענקען און פֿון דער בירגערלעכער פּאָליטיק... אַ מאַרקסיסט איז נאָר דער, ווער עס פֿאַרברייטערט די אַנערקענונג פֿון דעם קלאַסן-קאַמף אַף דער אַנערקענונג פֿון דער דיקטאַטור פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט". דידאָזיקע דערקלערונג פֿון דעם פֿונדאַמענטאַלן זאַץ פֿון דעם „קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט" איז צוגלייך א ווינקל-שטיין פֿון דעם לעניניזם.

## 2. די מעלוכע און דער מעלוכע-אַפּאַראַט.

די לערע פֿון די קלאַסן און פֿון דעם קלאַסן-קאַמף איז ענג, פֿאַרבונדן מיט דער מאַקסיסטישער לערע פֿון דער מעלוכע. און אין דעם פּראַט האָבן מאַרקס און ענגעלס ניט נאָר ניט געצויגן די נויטיקע קאָנסעקווענץ פֿון פֿעסט שטייענדיקע פֿאַקטן, וואָס זיינען געוואָרן אַנטדעקט און אָנערקענט פֿון בירגערלעכע היסטאָריקער און עקאָנאָמיסטן נאָך פֿאַר זיי, נאָר אין דער לערע פֿון דער מעלוכע איז דער מאַרקסיזם דורך און דורך אָריגינעל, ווייל דידאָזיקע לערע איז אין טאָך דער רעזולטאַט פֿון דער טעאָריע פֿון דעם קלאַסן-קאַמף. אָריגינעל ניט אין דעם זין, וואָס פֿאַר דעם מאַרקסיזם האָבן זיך די סאָציאָלאָגיע און פֿילאָזאָפֿיע ניט פֿאַרנומען אַ שטייגער מיט דער לערע פֿון דער מעלוכע—שוין דער גריכישער פֿילאָסאָף פּלאַטאָן האָט זיך געשטעלט אַלס ציל אויסצופֿאָרשן דעמדאָזיקן געביט—נאָר אין דעם זין פֿון כאַראַקטעריזירן די מעלוכע, וואָס די מעלוכע איז און וואָס פֿאַר אַן אויפֿגאַבן זי האָט. די פֿראַגע פֿון דער מעלוכע איז ניט נאָר איינע פֿון די גרונט-פֿראַגן,

וואָס ווערן באהאנדלט אין דעם „קאָמוּניסטישן מאניפעסט", נאָר דידאָזיקע פראַגע איז איבערהויפּט די גרונט-פראַגע פון דעם מאַרקסיזם.

די מעלוכע ווערט שוין אין דעם „קאָמוּניסטישן מאַניפעסט" פאָרמולירט אַלס אָרגאַן אַף צו אונטערדריקן דעם עקספּלואַטירטן קלאַס: „די מאָדערנע מעלוכע-מאכט איז נאָר אַ קאָמיטעט, וואָס פירט אָן מיט די שוּטפעסדיקע געשעפטן פון דעם גאַנצן בורזשואַ-קלאַס", הייסט שוין אין דעם ערשטן קאַפּיטל „בורזשואַ און פּראָלעטאַריער". און ווייטער: „די פּאָליטישע מאַכט אין בוכשטעבלעכן זין, איז די אָרגאַניזירטע מאַכט פון איין קלאס אַף צו אונטערדריקן אַ צווייטן קלאס. אַז דער פּראָלעטאַריאַט וועט אין זיין קאמף קעגן דער בורזשואַזיע זיין געצווונגען זיך צו פאַראייניקן אין א קלאַס, וועט ווערן דורך דער רעוואלוציע דער הערשנדיקער קלאַס און וועט אלס הערשנדיקער קלאַס באזייטיקן מיט גוואלד די אַלטע פּראָדוקציע-פאַרהעלטענישן, וועט ער מיט דעם גופע באזייטיקן די עקזיסטענץ-באדינגונגען פון דעם קלאסן-קעגנזאץ, די קלאסן בכלל און מיט דעם צוגלייך די הערשאפט פון זיך גופע אלס קלאַס".

דאָס זיינען די וויכטיקסטע שטעלן אין דעם „קאָמוּניסטישן מאַניפעסט", וואָס כאראקטעריזירן די ראָלע פון דער מעלוכע און דער מעלוכע-מאכט. דער אנאליז איז דאָ נאָר אַן אַלגעמיינער, ווייל אין דעם „קאָמוּניסטישן מאַניפעסט" ווערן דער איקער סקיצירט די רעזולטאַטן פון דער געשיכטע. „דאָ ווערט נאָך ניט געשטעלט די פראַגע, ווי אַזוי, געקוקט פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג, די בירגערלעכע מעלוכע זאָל ווערן פאַרביטן דורך דער פּראָלעטאַרישער" (לענין), דידאָזיקע פראַגע האָט קאָנקרעט ערשט געקאָנט שטעלן די געשיכטע אליין, דאָס הייסט דער גאַנג און די אַנטוויקלונג פון די קומענדיקע רעוואָלוציעס.

און די געשיכטע האָט ניט געלאָזן לאַנג וואַרטן אַף זיך. די רעוואָלוציע פון 1848 אין פראַנקרייך, דערהויפּט די בלוטיקע יון-טעג, ווו די מאַכט-אָרגאַנען פון דער מעלוכע האָבן מיט דער גרעסטער נאַקעטקייט באוויזן, אין וועמעס אינטערעסן זיי דינען — שוין די דערפאַרונג פון דערדאָזיקער רעוואָלוציע איז געווען גענוג, אַז די לער-מייסטער פון דער וויסנשאפטלעכן סאָציאַליזם זאָלן קענען ציען די נויטיקע קאָנסעקווענצן פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין דער פראַגע פון דער מעלוכע און די מעלוכע-אָרגאַנען. באַ דער כאַראַקטעריזירונג פון דער מעלוכע-מאַכט, וואָס די פראַנצויזישע בורזשואַזיע האָט אָנגעווענדעט אַף צו דערשטיקן די רעוואָלוציע פון 1848, זאָגט מאַרקס אין איינִיקע שטעלן פון זיין „אַכצעטן ברומער פון לוי באָנאַפּאַרט", פאָלגנדעס:

„דידאָזיקע עקזעקוטיוו-מאַכט מיט איר גוואַלדיקער ביוראָקראַטישער און מיליטערישער אָרגאַניזאַציע, מיט איר ווייטזיכטיקער און קונסט-פולער מעלוכע-מאַשין, מיט דער אַרמיי פון באַאַמטע פון אַ האַלבער מיליאָן און אַ האַלבער מיליאָן סאָלדאַטן, דערדאָזיקער מוירעדיקער פּאַראַזיט, וואָס האָט זיך אַרומגעוויקלט ווי אַ נעץ אַפן לייב פון דער פראַנצויזישער געזעלשאַפט און פאַרשטאָפּט אַלע אירע פּאָרן, איז אנטשטאַנען אין דער צייט פון דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע, באַם אונטערגאַנג פון דעם פעאָדאַליזם... און די פאַרמאַלענטאַרישע רעפּובליק איז אין איר קאמף קעגן דער רעוואָלוציע געווען געצוווּנגען צו פאַרשטאַרקן צוזאַמען מיט די רעפּרעסיעס אויך די מיטלען און די צענטראַליזאַציע פון דער מעלוכע-מאכט. אַלע איבערקערענישן האָבן דידאָזיקע מאַשין אויסגעבעסערט אָנשטאָט זי צו צוברעכן. די פּאַרטייען, וואָס האָבן זיך בייטנדיק געקעמפט פאַר דער מאַכט, האָבן באטראַכט די באַהערשונג פון דעמדאָזיקן מעלוכע-בנין פאַר דעם וויכטיקסטן זאַק-רויב פון זייער ניצאָכן".

„אַלע איבערקערענישן האָבן דידאָזיקע מאַשין אויסגעבעסערט אָנשטאָט זי צו צוברעכן" — אָט דאָס איז שוין געווען דער פועל-יוצא, וועלכן מאַרקס האָט געצויגן פון דער רעוואָלוציע פון 1848 און פון קאַוועניאַקס בלוט-באָד. שפּעטער האָט דאָס מאַרקס אַליין זייער שטאַרק באטאָנט, ווי ער וואָלט געשפּירט, אַז אין זיין נאָמען וועט מען וועלן פאַראַטן דעם מאַרקסיזם אין דער וויכטיקסטער פראַגע — אין דער פראַגע פון דער מעלוכע.

אין דעם באַרימטן בריוו צו קוגעלמאַן פון דעם 12-טן אַפּרעל 1871 שרייבט מאַרקס: „אַז דו וועסט דורכקוקן דעם לעצטן קאַפּיטל פון מיין „אַכצעטן ברומער", וועסטו איינזען, אַז איך האַלט פאַר דעם ערשטן פרוּוו פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע — די ביוראָקראַטיש-מיליטערישע מעלוכע-מאַשינע מער ניט איבערצוגעבן פון איין האַנט אין דער אַנדערער, ווי דאָס איז געווען דער שטייגער ביז איצט, נאָר דידאָזיקע מאַשינע צו צוברעכן, וואָרעם דאָס איז דער ערשטער תּנאַי פאַר יעדער ווירקלעכער פאָלק-רעוואָלוציע אַף דעם קאָנטינענט".

דער בריוו איז דאַטירט ווי מיר האָבן געזען, פון דעם 12-טן אַפּרעל 1871. דאָס איז אָבער אַ היסטאָרישע דאַטע. גראָד אין די טעג האָט דער פאַריזשער פּראָלעטאַריאַט געהאַלטן באַם פאַרניכטן די אַלטע מעלוכע-מאַשין און אויפבויען אַ נייע, נאָך ניט קיין געוועזענע — די פּאַריזשער קאָמונע. אָט פאַרוואָס מאַרקס האָט געפונען פאַר נויטיק אין דידאָזיקע טעג, ווען דער פּאַריזשער פּראָלעטאַריאַט האָט געקעמפט קעגן דער ווייסער גוואַרדיע פון טיער און גאַליפע, ווען ער האָט ניט געוואָלט איבערנעמען די אַלטע מעלוכע-מאַשין, נאָר זי פאַרניכטן און צוברעכן — אָנצווייזן, אַז שוין אין דעם „18-טן ברומער" האָט ער אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק, אַז באַ דעם ערשטן פרוּוו פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע וועט מען מער ניט איבערגעבן די ביוראָקראַטיש-מיליטערישע מעלוכע-מאַשין פון איין האַנט אין דער אַנדערער, ווי דאָס איז געווען ביז איצט, נאָר מען וועט דידאָזיקע מאַשין צוברעכן. און דאָס וואָרט „צוברעכן" האָט ער אַליין געפונען פאַר נויטיק אונטערצושטרייכן.

אין דעם „בירגער-קריג פון פראַנקרייך" — דעם שענסטן מאָנומענט, וואָס איז געשטעלט געוואָרן פאַר דער פּאַריזשער קאָמונע, האָט מאַרקס באַגרינדעט פון דאָסניי די פראַגע פון דער מעלוכע-מאכט. דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט האָט שוין געהאַט די דערפאַרונגען ניט נאָר פון דער רעוואָלוציע פון 1848, וואָס איז געווען אַ בירגערלעכע רעוואָלוציע און ווו דער פּראָלעטאַריאַט האָט ערשט געהאַלטן באַם שטעלן זיינע אייגענע

קלאַסן-פֿאָדערונגען, נאָר אויך פֿון 1871, פֿון דער ערשטער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע—פֿון דער פאַריזשער קאָמונע.

„וואָס מער דער פּראָגרעס פֿון דער מאָדערנער אינדוסטריע האָט אַנטוויקלט, פֿאַרברייטערט און פֿאַרטיפֿט דעם קעגנזאַץ צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט, אַלץ מער און מער האָט באַקומען די מעלוכע-מאַכט דעם כאַראַקטער פֿון אַן עפֿנטלעכער מאַכט אַף צו אונטערדריקן דעם אַרבעטער-קלאַס, פֿון אַ מאַשינע פֿון דער קלאַסן-הערשאַפֿט. נאָך יעדער רעוואָלוציע, וואָס באַטייט אַ פּראָגרעס פֿון דעם קלאַסן-קאַמף, טרעט אַרויס דער אונטערדריקנדיקער כאַראַקטער פֿון דער מעלוכע-מאַכט אַלץ מער און מער באַשיינפּערלעך". מאַרקס, ציטירנדיק ווייטער דעם אויפֿרוף פֿון דעם צענטראַל-קאָמיטעט פֿון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, וואָס האָט אָנגעפֿירט מיט דער רעוואָלוציע פֿון דעם 18-טן מאַרט פֿון 1871 און וווּ עס ווערט געזאָגט: „די פּראָלעטאַריער פֿון פאַריז האָבן באַגריפֿן, אַז עס איז זייער גרעסטער כויוו און עס איז זייער אַבסאָלוטע רעכט צו מאַכן זיך אַליין פֿאַר די האַרן פֿון זייער אייגענעם גוירל און צו פֿאַרכאַפּן די רעגירונג-מאַכט", און מאַרקס זאָגט דערביי: „אָבער דער אַרבעטער-קלאַס קאָן ניט סתּם איבערנעמען די פֿאַרטיקע מעלוכע-מאַשינע און לאָזן זי אין גאַנג פֿאַר זיינע אייגענע צוועקן". דערדאָזיקער פֿראַגע פֿון אויפֿרייסן די ביוראָקראַטישע מעלוכע-מאַכט—אויפֿרייסן ניט נאָר באַזייטיקן!—(מאַרקס און ענגעלס פֿאַרווענדן דאָס וואָרט: „Sprengen" ניט „Aufheben") איז געווידמעט דער גאַנצער דריטער טייל פֿון דעם „בירגער-קריג אין פֿראַנקרייך".

צום צוואַנציקסטן יאָרטאָג פֿון דער פאַריזשער קאָמונע, דעם 18-טן מאַרט פֿון 1891, האָט ענגעלס געשריבן די לעצטע איינלייטונג צו דעם „בירגער-קריג אין פֿראַנקרייך". דאָס איז שוין געווען די צייט, ווען אין דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע זיינען די רעוויזיאָניסטישע און רעפֿאָרמיסטישע טענדענצן געווען גאַנץ קלאָר, ווו די פֿראַגע פֿון דעם פּאַרלאַמענטאַריזם—און בעמיילע די פֿראַגע פֿון איבערנעמען די אַלטע מעלוכע-מאַשין אין דער צייט פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, אָדער דידאָזיקע מעלוכע-מאַשין אויפֿצורייסן האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל, כאָטש אַפֿילע נאָר טעאָרעטיש און דאָס נאָך אויך ניט גאַנץ אָפֿן. ענגעלס האָט דעריבער געהאַלטן פֿאַר נייטיק נאָך אַמאָל אָנצוווייזן אַף דער באַדייטונג פֿון דער פאַריזשער קאָמונע פֿאַר דערדאָזיקער פֿראַגע:

„די קאָמונע—זאָגט ער—האָט געמוזט גלייך פֿון אָנהייב אָן איינזען, אַז, קומענדיק צו דער מאַכט, קאָן דער אַרבעטער-קלאַס בעשום אויפֿן ניט באַלעבאַטעווען ווייטער מיט דער אַלטער מעלוכע-מאַשין; אַז קעדיי דער אַרבעטער-קלאַס זאָל ווידער ניט פֿאַרלירן די נאָר-וואָס דעראָבערטע מאַכט... מוז ער באַזייטיקן די אונטערדריקונג-מאַשינע, וואָס איז ביז איצט איסגענוצט געוואָרן קעגן אים גופֿע". און ענגעלס זאָגט ווייטער מיט די ווערטער: „מען האָט געמוזט נאָכאַמאָל קורץ אָנווייזן אַף דעם, ווייל גראָד אין דייטשלאַנד האָט זיך איינגעגעסן דער אָבערגלויבן אין דער מעלוכע... אַפֿילע אין אַסאַך מויכעס פֿון אַרבעטער".

די גרעסטע באַדייטונג פֿאַר דער פֿראַגע פֿון דער מעלוכע איז די שטעלונג אין דעם געמיינזאַמען פֿאָרוואָרט פֿון מאַרקס און ענגעלס צו דעם „קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט", וואָס זיי האָבן געשריבן דעם 24 יון 1872. דאָס הייסט ווידער אַמאָל נאָך דער דערפֿאַרונג פֿון דער פאַריזשער קאָמונע. אין דעמדאָזיקן פֿאָרוואָרט לייענען מיר: „איניקע מאָמענטן וואָלט מען געדאַרפֿט (אין דעם „קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט") פֿאַרבעסערן... לעגאַבע דער גוואַלטיקער אַנטוויקלונג פֿון דער גרויסער אינדוסטריע פֿון די לעצטע פֿינף און צוואַנציק יאָר און צוזאַמען מיט איר די שטענדיק וואַקסנדיקע פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע פֿון דעם אַרבעטער-קלאַס, לעגאַבע די פּראַקטישע דערפֿאַרונגען צוערשט פֿון דער פֿעוראַל-רעוואָלוציע און נאָך ניט אין אַן ערעך מער פֿון דער פאַריזשער קאָמונע, ווו דער פּראָלעטאַריאַט האָט צום ערשטן מאָל אין אַ מעשעך פֿון צוויי כאַדאָשים צייט באַזעסן די פּאָליטישע מאַכט אין זיין האַנט—איז בא הייניקן טאָג דידאָזיקע פּראָגראַם ערטערווייז פֿאַרעלטערט. וואָרום גראָד די פאַריזשער קאָמונע האָט דערוויזן, אַז „דער פּראָלעטאַריאַט קאָן ניט סתּם איבערנעמען די פֿאַרטיקע מעלוכע-מאַשינע און לאָזן זי אין גאַנג פֿאַר זיינע אייגענע צוועקן". מיר זעען אַלזאָ, אַז מאַרקס און ענגעלס ציטירן דאָס, וואָס זיי האָבן אין דערדאָזיקער פֿראַגע שוין געזאָגט אין דעם „בירגער-קריג פֿון פֿראַנקרייך". און ניט אומזיסט ווייזט לענין אָן אין זיין „מעלוכע און רעוואָלוציע", אַז „גראָד אָט די דאָזיקע וויכטיקע קאָרעקטור", וואָס מאַרקס און ענגעלס האָבן נאָך די דערפֿאַרונגען פֿון דיביידע רעוואָלוציעס אַריינגעטראָגן אין דעם „קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט"—אַז „גראָד דידאָזיקע וויכטיקע קאָרעקטור איז פֿון די אָפּאָרטוניסטן פֿאַרדרייט געוואָרן, און אַז דער עמעסער זין פֿון דערדאָזיקער קאָרעקטור איז בליסאָפֿעק ניט באַקאַנט פֿאַר ניין צענטל, אויב ניט פֿאַר ניין און ניינציק הונדערטל פֿון די לעזער פֿון דעם „קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט".

אָט אין דעם פּראַט איז „פֿאַרעלטערט" דער „קאָמוניסטישער מאַניפֿעסט". די דערפֿאַרונגען פֿון דער רעוואָלוציע פֿון 1848 און פֿון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע פֿון 1871 האָבן דערגאַנצט און קאָנקרעטיזירט דעם אַלגעמיינעם טעזיס פֿון דעם „קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט", אַז „די מאָדערנע מעלוכע-מאַכט איז נאָר אַ קאָמיטעט, וואָס פֿירט אָן מיט די שוטפֿעסדיקע געשעפֿטן פֿון דעם גאַנצן בורזשואַ-קלאַס". דער פֿויעלירויצע, וועלכן די באַגרינדער פֿון דעם וויסנשאַפֿטלעכן סאָציאַליזם האָבן געצויגן דערפֿון, איז—אויפֿרייסן דעמדאָזיקן קאָמיטעט.

מיר וואָלטן אָבער פֿאַרגעסן אַ וויכטיקן טעזיס פֿון דעם לענינים, ווען מיר וואָלטן ניט אָנגעוויזן אַף דער דערגאַנצונג, וואָס לענין האָט אַריינגעטראָגן צו מאַרקס בריוו צו קוגעלמאַן. אין דעם ציטירטן בריוו שטייט, אַז צוברעכן די מעלוכע-מאַשינע „איז דער ערשטער טנאַי פֿאַר יעדער ווירקלעכער פֿאָלק-רעוואָלוציע אַף דעם קאָנטינענט" (פֿון מיר אונטערשטראָכן. מ. ל.), ד. ה., אַז פֿאַר ענגלאַנד און אַמעריקע האָט מאַרקס דעמלט, אין 1871, אָדער נאָך ריכטיקער אין 1852, ווען ער האָט געשריבן „דעם 18-טן ברומער פֿון לוי באָנאַפּאַרט", דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז דאָרטן איז אַ פֿאָלק-רעוואָלוציע מעגלעך, ניט האָבנדיק צובראָכן די מע-

לוכע-מאַשין. ריידנדיק וועגן דערדאָזיקער באַגרענעצונג: „אַף דעם קאָנטינענט" זאָגט לענין:

„דאָס איז געווען אין 1871 פֿאַרשטענדלעך, ווען ענגלאַנד איז נאָך געווען אַ מוסטער פֿון אַ ריין קאַפּיטאַליסטישער מעלוכע, אָבער אָן מיליטאַריזם און אין אַ גרויסער מאָס אָן ביוראָקראַטיע. מארקס האָט דעריבער ענגלאַנד אויסגעשלאָסן, ווו אַ רעוואָלוציע אָדער אַפילע אַ פֿאָלק-רעוואָלוציע איז, **ניט** האָבנדיק צושטערט די „פֿאַרטיקע מעלוכע-מאשינע", גריילעך מעגלעך געווען. איצט אָבער, אין 1917, אין דער עפּאָכע פֿון דער ערשטער גרויסער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, פֿאַלט אָפּ דידאָזיקע באַגרענעצונג פֿון מאַרקס... איצט איז אויך אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע דאָס צוברעכן און די צושטערונג פֿון דער „פֿאַרטיקער מעלוכע-מאשינע" דער „ערשטער טנאַי פֿאַר יעדער ווירקלעכער פֿאָלק-רעוואָלוציע".

אַנטוויקלט און ווייטער פֿאַרטיפֿט די לערע פֿון דער מעלוכע האָט, ווי עס איז באַקאַנט, ענגעלס אין זיינע ווערק: „אַנטשטייונג פֿון דער פֿאַמיליע, פֿון דעם פּריוואַט-אייגנטום און פֿון דער מעלוכע" און אין זיין „אַנטי-דיורינג".

3. **דאָס פֿאָטערלאַנד**. פֿון דער דעפֿיניציע אין דעם „קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט", וואָס אַזוינס די מעלוכע-מאַכט איז; פֿון דער ווייטערדיקער קאָנקרעטיזירונג, אָפּן סמאַך פֿון דער דערפֿאַרונג פֿון דער פּאַריזשער קאָמונע, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט מוז טאָן מיט דעם בירגערלעכן מעלוכע-אַפּאַראַט—איז אויך קלאָר וואָס פֿאַר אַ שטעלונג דער „קאָמוניסטישער מאַניפֿעסט" קאָן האָבן אין דער פֿראַגע פֿון דער באַציִונג פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט צו דעם אַזוי גערופֿענעם בירגערלעכן פֿאָטערלאַנד. אויך אין דעם פּראַט פּראָקלאַמירט דער „מאַניפֿעסט" די **אַלגעמיינע** באַציִונג פֿון דעם פּראָלעטאַריער צו דעם בירגערלעכן פֿאָטערלאַנד. דער „בירגער-קריג אין פֿראַנקרייך" שטעלט די פֿראַגע קאָנקרעטער, ווייל נאָך קיינמאָל איז אַזוי ניט בולעט געווען דער צוויִעסדיקער כאַראַקטער פֿון דעם געשריי: „פֿאָטערלאַנד", ווי גראָד אין דער צייט פֿון דער פּאַריזשער קאָמונע. די אַזוי גערופֿענע פֿראַנצויזישע „רעגירונג פֿון נאַציאָנאַלער פֿאַרטיידיקונג" האָט ניט נאָר באַשלאָסן כאָרעוו צו מאַכן פּאַריזש, ווייל דער פּראָלעטאַריאַט האָט פֿאַרכאַפּט דאָרטן די מאַכט, נאָר דידאָזיקע רעגירונג, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן אַף צו קעמפֿן קעגן דער פּרייסישער אַרמיי און צו באַפֿרייען פֿראַנקרייך פֿון דער פֿרעמדער אָקופּאַציע—דידאָזיקע רעגירונג פֿון טיער האָט פֿאַקטיש און פֿאָרמעל פֿאַרקויפֿט פּאַריזש און גאַנץ פֿראַנקרייך ביסמאַרקן, קעדיי ער זאָל נאָר דערלויבן צו דערטרינקען אין בלוט די קעמפֿנדיקע קאָמונאַרן. איז קלאָר, אַז אַזוינע היסטאָרישע דערפֿאַרונגען האָבן געמוזט ווערן אויסגענוצט פֿון דעם מאַרקסיזם, וואָס האָט אויפֿגעבויט זיין גאַנצן סאָציאָלאָגיש-פֿילאָזאָפֿישן ביניען נאָר אַפֿן סמאַך פֿון די דערפֿאַרונגען פֿון דער וועלט-געשיכטע.

ווי אַזוי איז אַנטשטאַנען און וואָס אַזוינס איז דאָס בירגערלעכע פֿאָטערלאַנד, און די „נאַציאָנאַליטעט" אין דעם בירגערלעכן זין? דידאָזיקע פֿראַגע ווערט שוין צום גרעסטן טייל פֿאַרענטפֿערט דורך דער פֿאָרמולירונג, וואָס אַזוינס די מעלוכע-מאַכט איז און וועמעס **אינטערעסן** דידאָזיקע מאַכט פֿאַרטיידיקט. דער „קאָמוניסטישער מאַניפֿעסט" דערווייזט אָבער, אז פֿאַקטיש האָט שוין איצט דער אינדוסטריעלער שטייגער פֿון דער פּראָדוקציע אָפּגעשאַפֿט די גרעניצן פֿון מעלוכע און מעלוכע און אויסגעמעקט דעם אונטערשייד פֿון נאַציאָנאַליטעט און נאַציאָנאַליטעט. געבראַכט דערצו האָט די פֿרייהייט פֿון דעם האַנדל, דער וועלט-מאַרק דער גלייכער שטייגער פֿון דער פּראָדוקציע און די אַנטשפּרעכנדיקע לעבן-פֿאַרהעלטענישן. דער קאַפּיטאַליסטישער אויפֿן פֿון דער פּראָדוקציע מוז אָבער אויסנוצן די **פֿרעמדע** ביליגערע אַרבעט-קראַפֿט קעגן זיינע „אייגענע" שטאַם-ברידער: דעם פּוילישן אַרבעטער פֿאַרווענדט די דייטשישע בורזשואַזיע אין איר קאַמף קעגן דעם דייטשישן אַרבעטער און די פֿראַנצויזישע בורזשואַזיע—דעם איטאַליענישן א. א. וו. אויסער דעם שטעלט זיך די בורזשואַזיע לעגאַמרע ניט אָפּ אַף אויסצונוצן די „נידעריקערע" ראַסן אַף אויסצוהונגערן איר „אייגענעם" אַרבעטער און שטאַם-ברודער: דער נעגער און דער כינעזער ווערן „ראָע" צו לעבן אין דער אייראָפּעישער און אַמעריקאַנער „קולטור", קעדיי צו זיין די בייטש פֿאַר דעם פֿראַנצויזישן, ענגלישן און דייטשישן אַרבעטער. וואָס גרעסער עס איז אָבער דער פּראָגרעס פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריע, אַלץ בולעטער טרעט אַרויס דער כאַראַקטער פֿון דעמדאָזיקן „פֿאָטערלאַנד" און דערדאָזיקער „נאַציאָנאַליטעט", אַזוי ווי דאָס פֿאַרשטייט דער קלאַס פֿון די קאַפּיטאַליסטן. די בעסטע דערפֿאַרונג איז אין דעם פּראַט, ווי שוין געזאָגט, די „רעגירונג פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿאַרטיידיקונג", וואָס האָט דעם 4-טן סענטיאַבער 1870 פֿאַרנומען דעם פּוסטן אָרט פֿון נאַפּאָלעאָן דעם 3-טן, וועלכן די דייטשישע אַרמיי האָט געפֿאַנגען אין דער שלאַכט פֿון סעדאַן און אַוועקגעפֿירט קיין ווילהעמסהעהע לעבן קאַסעל.

די אויפֿגאַבע און דאָס ציל, וועלכן דידאָזיקע רעגירונג האָט געהאַט איז—באַפֿרייען פֿראַנקרייך און פּאַריזש פֿון דער דייטשישער אַרמיי. נאָך קיינמאָל אין דער געשיכטע איז אַ נאַציע בעעמעס ניט געווען אַזוי אייניק אין דעמדאָזיקן פּראַט. עס איז גענוג צו דערמאָנען, אַז די **ראַדיקאַלסטע** ריכטונגען פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט האָבן זיך געשטעלט אין רעשוס פֿון דער רעגירונג, קעדיי נאָר צו באַזייטיקן די געפֿאַר, אַז פּאַריזש זאָל ווערן באַלאַגערט און איינגענומען פֿון די פּרייסישע יונקערן, וואָס וואָלט געווען נאַטירלעכער אין אַזאַ מאָמענט ווי פּראָקלאַמירן אַ באַפֿרייונג-קריג? אָבער די אַזויגערופֿענע „רעגירונג פֿון נאַציאָנאַלער פֿאַרטיידיקונג" האָט שוין גלייך דעם 4-טן סענטיאַבער באַשלאָסן בעסער קאַפּיטולירן אידער פֿירן אַ באַפֿרייונג-קריג. פֿאַר וואָס? דעמדאָזיקן סאַד האָבן די פּראָלעטאַריער **דעמלט**, אין סענטיאַבער נאָך ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, ווייל טיער און טראָשיו דער גובערנאַטאָר פֿון פּאַריזש האָבן געשפּירט, אַז אויב זיי וועלן זאָגן דעם **פֿאָלק** פֿון פּאַריזש דעם עמעס, וועלן זיי פּונקט אַזוי גיך ווערן באַזייטיקט פֿון טראָן ווי גיך זיי האָבן פֿאַרנומען דעמדאָזיקן פּוסטן אָרט. דעריבער האָט טראָשיו אַרויסגעלאָזן אַ מאַניפֿעסט מיט די ווערטער: „טראָשיו, דער גובערנאַטאָר פֿון פּאַריזש, וועט אין לעבן ניט קאַפּיטולירן". אָבער דעם **זעלביקן טאָג**, דעם 4-טן

סענטיאַבר, האָט ער אין אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון „אויסדערוויילטע", פֿון די פּאַריזשער מערס (די 20 פּאַריזשער בירגערמייסטער) געענטפֿערט אַף דער פֿראַגע, אויב פּאַריזש קען ניט אויסהאַלטן אַ באַלאַגערונג פֿון דער פּרייסישער אַרמיי, בעזע האַלאָשן: „דער פּרווו איינצוהאַלטן פּאַריזש קעגן אַ באַלאַגערונג מיצאַד די פּרייסישע אַרמיי, וואָלט געווען אַ מעשוגאַס. אָן אַ סאָפֿעק אַ העלדישע מעשוגאַס, אָבער ניט מער".

„אַלזאָ,—זאָגט מאַרקס, ציטירנדיק די־דאָזיקע רעדע,—שוין דעמזעלביקן אָוונט, ווען עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די רעפּובליק, איז שוין געווען באַקאַנט פֿאַר טראָשיוס קאָלעגן, אַז דער „פּלאַן" פֿון טראָשיו באַשטייט אין דער קאַפּיטולאַציע פֿון פּאַריזש"...

פֿאַר וואָס אָבער איז טיער און טראָשיו, די פֿאַרטרעטער פֿון דער פֿראַנצויזישער בורזשואַזיע—פֿאַר וואָס זיינען זיי געווען קעגן דער נאַציאָנאַלער פֿאַרטיידיקונג, פֿאַר וואָס האָבן זיי געוואָלט בעסער קאַפּיטולירן פֿאַר ביסמאַרקן איידער אופֿרופֿן די פּאַריזשער אַרבעטער צו שטעלן זיך ווי איין מאַן קעגן דער פּרייסישער אַרמיי? דער גרונט איז באַשטאַנען אָט אין וואָס: אופֿרופֿן די נאַציע, אופֿרופֿן די פּאַריזשער אַרבעטער צו שטעלן זיך פֿאַרטיידיקן די רעפּובליק קעגן דעם פּרייסישן אַבסאָליוטיזם וואָלט געהייסן נאָך מער צו באַוואָפֿענען דעם פּאַריזשער פּראָלעטאַריאַט, וואָלט געהייסן אַליין געבן אים דעם מיטל, וועלכע ער זאָל שפּעטער אָנווענדן קעגן טיער און קעגן דער בורזשואַזיע גופֿע. דאָס האָט טיער שוין דערמלט, דעם 4-טן סעפּטעמבער, אויסגעצייכנט פֿאַרשטאַנען. דעריבער איז די פֿאַקטישע פּראָגראַם פֿון דער „רעגירונג פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿאַרטיידיקונג" ניט באַשטאַנען אין פֿאַרטיידיקונג פֿון פֿראַנקרייך און פּאַריזש קעגן דער פּרייסישער אַרמיי און קעגן דער פֿאַרגוואַלטיקונג פֿון ביסמאַרקן און בעמיילע אין דער באַוואָפֿענונג פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט, נאָר גראָד אין דער אַ נ ט וו אָ פֿ ע נ ו נ ג פֿון דער פּאַריזשער אַרבעטערשאַפֿט און פֿון דער „באַפֿרייונג" פֿון פּאַריזש און פֿון גאַנץ פֿראַנקרייך פֿון אַן עמעסער רעוואָלוציע. דאָס איז געווען דער פּלאַן און די פּראָגראַם פֿון דער אַזוי גערופֿענער „רעגירונג פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿאַרטיידיקונג". זי האָט נישט געקוט קאָלומאַן די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע איז געווען באַוואָפֿנט. האָט ניט געקאָנט רוען דערפֿאַר, ווייל דער גרעסטער טייל פֿון די פּאַריזשער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע זיינען געווען פּראָלעטאַריער. און אַז די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע איז ניט מאסקים געווען מיט דעם נאַציאָנאַלן פֿאַראַט, וואָס איז באַשטאַנען אין דער קאַפּיטולאַציע פֿון פּאַריזש דעם 28-טן יאַנוואַר 1871, איז טיער צוגעטראָטן מיט גוואַלט צו אַנטוואָפֿענען די־דאָזיקע פּאַריזשער אַרבעטער, וואָס האָט אָבער געפֿירט צו דעם זיג פֿון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע פֿון דעם 18-טן מאַרט און צו דער פּראָקלאַמירונג פֿון דער פּאַריזשער קאָמונע. ז ש י ו ל פֿ אַ וו ר, דער מיניסטער פֿאַר אויסערלעכע איניאָנים אין דעם קאַבינעט פֿון טיער, האָט אין אַ בריוו צו גאַמבעטאַ אויך אָפֿן אַנטפּלעקט דעם סאָד, אַז פֿאַרטיידיקן זיי זיך" נ י ט קעגן די פּ ר ײ ס י ש ע ס אָ ל ד אַ ט ן, נ אָ ר ק ע ג ן ד י פּ אַ ר י ז ש ע ר אַ ר ב ע ט ע ר.

אַזוי אַרום האָט די פֿראַנצויזישע בורזשואַזיע מיט טיער און פֿאַוור אין דער שפּיץ באַשלאָסן צו פֿאַרבייטן דעם אויסנווייניקסטן קריג דורך דעם ב י ר ג ע ר-ק ר י ג. דער ב אַ ה אַ ל ט ע נ ע ר בירגער-קריג, וואָס קומט קעסיידער פֿאָר אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט - אָרדענונג, האָט געמוזט אַרויס אַף זיין אויבערפֿלאַך, האָט געמוזט באַווייזן דעם עמעסן פּאַרצעף פֿון דער בורזשואַזיע. מער אַז אַף אַ דריטל פֿון גאַנץ פֿראַנקרייך האָט זיך אין דעמדאָזיקן מאָמענט געפֿונען אין די הענט פֿון דער פּרייסישער אַרמיי, פֿונדעסטוועגן שטעלט די פֿראַנצויזישע בורזשואַזיע אוף די פּראָגראַם פֿון „אַראָפּנעמען דעם קאָפּ פֿון פּאַריזש" (décapiter et decapitaliser), נאָר דערפֿאַר, ווייל דער פּאַריזשער פּראָלעטאַריאַט וויל ניט אוועקגעבן דאָס געווער און וויל ניט פֿאַראטן די נאַציע און דאָס לאַנד. די פֿראַנצויזישע בורזשואַזיע שעמט זיך אָבער ניט בעטן ראַכמים בא ביסמאַרקן ער זאָל איינגעמען דעם ווידערשפּעניקן פּאַריזש. אין נאָמען פֿון דער נאַציאָנאַל-פֿאַרזאַמלונג אין באָרדאָ ווענדן זיך טיער און פֿאַוור וועגן דעם צו ביסמאַרקן. ביסמאַרק איז אָבער געווען קליגער. ער האָט געוווּסט מיט וואָס פֿאַר אַ סוינע ער וועט האָבן צו קעמפֿן, און אַז באַוועלטיקן אַ רעוואָלוציאָנערע מאַכנע איז עפּשער אַ ביסל שווערער ווי נעמען געפֿאַנגען נאַפּאָלעאָן דעם 3-טן—האָט ער אָפּגעראַנקט פֿאַר דעמדאָזיקן קאָוועד. וואַרום ביסמאַרק האָט נאָך ניט פֿאַרגעסן, ווי די שטומע פֿאָרשטאָט פֿון פּאַריזש האָבן מעקאַבל פּאָנים געווען די פּרייסישע פּאָלקן נאָך דער קאַפּיטולאַציע פֿון פּאַריז. דאָס איז נאָר געזען אַ שטומער באָיקאָט, די גאַסן פֿון דער פֿאָרשטאָט זיינען אויסגעשטאָרבן, די קראָמען פֿאַרמאַכט, אַלצדינג געשלאָסן, און דאָס אַלץ האָט אַרופֿגעוואָרפֿן אַזאַ פּאַכאַד אַף די „זיגער" אַז זיי האָבן טייקעף פֿאַרלאָזן די טויערן פֿון פּאַריזש. האָט ביסמאַרק ניט געוואָלט באַנייען דידאָזיקע „דעראָבערונג" פֿון פּאַריז. ער האָט געפֿונען פֿאַר בעסער איבערצולאָזן טיערן גופֿע צו „באַרויקן" פּאַריזש און דעם פּאַריזשער פּראָלעטאַריאַט.

צו דעמדאָזיקן צוועק האָט ביסמאַרק אומגעקערט צוריק די געפֿאַנגענע פֿראַנצויזישע סאָלדאַטן פֿון מעץ און סעדאַן און זיי איבערגעגעבן דער רעגירונג פֿון טיער. אַזוי אַרום איז געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך צווישן דער „רעגירונג פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿאַרטיידיקונג" און ביסמאַרקן איינעם צו באַצווינגען די „מערדערישע שטאָט", ווו די אַרבעטער האָבן דעראָבערט די מאַכט.

(סאָף אין קומענדיקן נומער).

אל. ה—אָוו.

# פֿון קאמעס צו אייכעס.

(צווייטער אלפֿאַרבאַנדישער צוזאַמענפֿאָר פֿון יידישע קולטורטוער).

I

אַף די וועגן צו יידישער מאַסנקולטור—דאָס איז אייגנטלעך דער לאָזונג און דער אינהאַלט פֿון צווייטן אלפֿאַרבאַנדישן צוזאַמענפֿאָר פֿון יידישע קולטור-טוער, וועלכער איז פֿאָרגעקומען אין כאַרקאָוו דעם 9-14 אַפרעל ד. י. פֿאַרשטייט זיך, ווען מען זאָל דעם אָנגעוויזענעם לאָזונג אָננעמען ריין פֿאָרמעל, וועט מען אין דעם ניט געפֿינען קיין שום נייס. וואָס דען איז אונדזער גאַנצע אַרבעט אַפֿן קולטור-געביט, איז זי דען ניט „אַף די וועגן צו יידישער מאַסנקולטור" אין משך פֿון די צען יאָר נאָך אָקטיאַבער-רעוואָלוציע? נעמט אַראָפּ פֿון איר דעם לאָזונג—פֿאַרלירט זי דאָ גלייך איר גאַנצן פּאַטאָס און אינהאַלט.

דאָך מוזן מיר אַנערקענען, אז אין דעם לאָזונג, וועלכן פֿיל באַנעמען שוין ווי אַ צופֿיל אויסגעדראָשענעם, האָט זיך אַף דעם צוזאַמענפֿאָר געפֿילט אַ נייער אינהאַלט—ריכטיקער געזאָגט: מע האָט אוועקגעשטעלט אין איר גאַנצער ברייט די פֿראַגע פֿון אינהאַלט פֿון אונדזער מאַסנקולטור. און דאָ גייען מיר גלייך אַריבער צום צווייטן מאָמענט, וועלכער כאַראַקטעריזירט גרונטלעך דעם צוזאַמענפֿאָר—דאָס אַריבערגיין פֿון קאמעס צו אייכעס.

אין משך פֿון די צען יאָר אָקטיאַבער-רעוואָלוציע איז אויסגעקומען אָנצווענדן דעם וויכטיקסטן טייל פֿון אונדזער קולטור-ענערגיע אַף שאַפֿן אַנשטאַלטן—און אין דעם פּראַט האָבן מיר פֿיל דערגרייכט. הונדערטער מאַסנשולן אַף יידיש, פּעדאַגאָגישע טעכניקומען, פּראָפֿטעכנישע שולן, יידישע סעקציעס אין פֿאַרשיידענע הויכשולן, יידישע וויסנשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס, באַשטימט אַ גרויסער באַלאַנס. און דאָך איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אז אָט מיט די צאָלן האָט מען זיך ווינציק וואָס פֿאַרנומען—ניט אין זיי איז געלעגן דעריקער. עס וואָלט געווען דוכט זיך זייער אַ גרינגע זאַך אַוועקשטעלן פֿאָרטראַגן מיט אַ קעפל: „אונדזערע דערגרייכונגען אַפֿן קולטור-געביט פֿאַר צען יאָר" אָדער—„וואָס האָבן מיר אופֿגעטאָן אין משך פֿון ערשטן אַלפֿאַרבאַנדישן קולטור-צוזאַמענפֿאָר ביזן צווייטן"—און דאָך זיינען אַזעלכע פֿאָרטראַגן ניט געשטעלט געוואָרן—זיי וואָלטן ניט געפּאַסט צום סטיל פֿון גאַנצן צוזאמענפֿאָר. די ביסלעך דיאַגראַמען, וועלכע זיינען געווען אויסגעהאַנגען אין קאָרידאָר, זיינען געהאַנגען פֿאַריאָסעמטע און זייער ווינציק האָט מען זיך מיט זיי אינטערעסירט. און ניט דערפֿאַר, ווייל מיר זיינען שוין איבערגעזעטיקט מיט סטאַטיסטיק—נאָר צוליב מער טיפֿערע סיבעס.

די קולטור-טוער אַף פֿאַרשיידענע געביטן, וועלכע זיינען געווען פֿאָרגעשטעלט אַפֿן צוזאַמענפֿאָר, האָבן געפֿילט, אז די צי-

פֿערן אליין וועלן בא איצטיקן מאָמענט אונדז „קליגער ניט מאכן". די יידישע קולטור-אַרבעט—אין זין פֿון צאָל אנשטאַלטן, וועלכע באַדינען די יידישע מאַסן—איז שוין אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד דערגאַנגען צו דער שטופֿע, ווען דער וויכטיקסטער פֿאַקטאָר פֿון איר ווייטערדיקן וווּקס איז ניט אַזוי דער „מעכאַנישער", נאָר דער נאַטירלעכער—אַלנפֿאַלס אזוי פֿילט זיך איבערהויפּט אפֿן וויכטיקסטן אָפּטייל פֿון אונדזער קולטור-אַרבעט—סאָציאַלע דערציונג. און ווען מע האָט שוין צו טאָן מיט אַ דערוואַקסענעם — איז, פֿאַרשטייט זיך, קיין וווּנדער ניט, וואָס מע פֿאַרטראַכט זיך וועגן „טאַכלעס"—שטרעבן צו דעם, „אַז די אַנטוויקלונג און וווּקס פֿון קינד, פֿון מענטשן בכלאַל זאָל ניט זיין איזאָלירט פֿון די הויפּט-פּראָצעסן אין לעבן, אז דאָס אלץ זאָל אריינוואַקסן אין לעבן"*). דאָס וואָס כ' טשעמעריסקי האָט פֿאַרטייטשט בענוגייע דאָס איינציקע קינד, דאַרף ברייטער אויסגעטייטשט ווערן בענוגייע דער גאַנצער קולטור-בילדונג. „די בילדונג-אַרבעט איז אַ טייל פֿונם גאַנצן אַרבעט-פּלאַן אין שטעטל, שטאָט און רעפּובליק. מיר דאַרפֿן דעריבער די בילדונג-אַרבעט ענג פֿאַרבינדן מיטן איינהייטלעכן פּלאַן פֿון אַרבעט צווישן דער יידישער באַפֿעלקערונג אין אונדזער לאַנד (טשעמעריסקי). אזוי זיינען מיר אפֿן קולטור-געביט אריבער פֿון קאמעס צו אייכעס.

II

אַריבערגיין פֿון קאַמעס צו אייכעס אַף די וועגן צו דער יידישער מאַסנקולטור—הייסט דאָס באַשטימען דעם אינהאַלט פֿון דער קולטור-בילדונג אין דער יידישער סוויווע בא איצטיקע באַדינגונגען. דאָס איז געווען די עסענץ פֿון אויבנדערמאָנטן כאַווער טשעמעריסקיס פֿאָרטראָג, וועלכער האָט אָנגעשטעלט דעם פּאָליטישן קאַמערטאָן פֿון צוזאַמענפֿאָר.

אַרויסגייענדיק פֿון דער מאַרקסיסטישער גרונט-האַנאָכע, אַז „די קולטור בכלאַל איז אַן אָרגאַנישע פֿונקציע פֿון דער געגעבענער סאָציאַלער סיסטעם און איז שטענדיק אַן אָרגאַנישער באַשטאַנד-טייל פֿון דערדאָזיקער געזעלשאַפֿטלעכער סיסטעם", האָט כ' טשעמעריסקי אָנגעווענדעט דידאָזיקע האַנאָכע בענוגייע די סאָציאַלע פּראָצעסן, וועלכע קומען פֿאָר בא איצטיקן טאָג אין

*) פֿון כ' טשעמעריסקיס פֿאָרטראָג „צען יאָר אָקטיאַבער-רעוואָלוציע אין דער יידישער סוויווע און די אופֿגאַבן פֿון דער קולטור-בויונג". די ציטאַטן פֿון כאַווער טשעמעריסקיס פֿאָרטראָג ווערן געבראַכט אפֿן סמאַך פֿון באַריכט אין „עמעס" פֿאַר 18-טן און 19-טן אפּרעל ד. י. פֿון די איבעריקע פֿאָרטרעגער—אפֿן סמאַך פֿון זייערע טעזיסן.

דער ייִדישער סוויִווע. די־דאָזיקע פּראָצעסן, וועלכע זיינען נאָך ניט איִנגאַנצן אויסגעשטאַנען און פֿאַרענדיקט, כאַראַקטעריזירן זיך מיִט אַ באשטימטן שטריך: די פֿאָלקמאַסן, וואָס זיינען פֿאַרנומען אין די קליינע פּריִוואַטע סכוירע-וויִרטשאַפֿטן, מוזן פֿאַלן אַלס ערשטער קאָרבן אין קאַמף צווישן סאָציִאַליִזם און קאַפּיטאַליִזם". „מיִר האָבן פֿאַר זיך אזאַ מין סאָרט בילד: פֿון איין זייט אַ בוייטע מאָסע, וועלכע פֿאַרנעמט זיך מיט פּריִוואַטע סכוירע-וויִרטשאַפֿט, פֿאַרלירט אירע פּאָזיציעס, און זיי מוזן ווערן ארויסגעשטויסן, און פֿון דער אַנדער זייט האָבן מיר נאָך ניט די געהעריקע באדינגונגען זיי אויפֿצושטעלן. דאָס איז אַ פּראָצעס אַ לאַנגדויערנדיקער און מיר דאַרפֿן זיך שטעלן אַן אויפֿגאַבע וואָס גיכער צו פֿאַרענדיקן אים".

אין אזאַ שווערן איבערגאַנג-פּעריאָד מוז די נייע קולטור, וועלכע ווערט געשאַפֿן אין נאָמען פֿון צוקונפֿט, קומען אין אַ צוזאַמענשטויס מיט די רעשטלעך פֿון אָוואַר. די סאָציאַלע שיכטן, וועלכע זיינען פֿאַרינטערעסירט אין אויפֿהאַלטן פּריִוואַטע סכוירע-ווירטשאַפֿט, רוקן ארויס די רעליִגיע, אלס זייער געווער צו באַקעמפֿן די סאָציאַליסטישע עלעמענטן. די־דאָזיקע רעליִגיעזע קולטור, וואָס איז נאָך פֿאַרבליִבן אלס דער איִדייען-אויסדריִק פֿונם קאַפּיִטאַליזם און פֿון דער סיִסטעם פֿון פּריוואַט-אייגנטום, וויִרקט נאָך געגוג שטאַרק און ריִנגלט אונדז אַרום פֿון אלע זייטן. די קולטור פֿון דער נייער געזעלשאַפֿט ווערט ערשט געשאַפֿן און בא אונדזערע באדינגונגען מוז זי זיין גוט באוואָפֿנט און קאַמפּספֿעיק. די נייע קולטור דאַרף קוידעמקאָל זיך פֿאַרגריִנגערן דעם איִבערגאַנג צו נייע סאָציאַלע פֿאָרמען—דאָס איז דער ציִל, וואָס באַשטימט איר איִנהאַלט. „אויב ריכטיִק דורכפֿירן די בילדונג-אַרבעט דארף מען זען, אז זי זאָל זיין דורכגעזאָפּט מיט די אַלע הויפּט-פּראָצעסן, וועלכע קומען פֿאָר איִן דעם געזעלשאַפֿטלעכן קאַמף, וואָס ווערט געפֿירט אין דעם גאַנצן אַרום". דאָס זיינען די פּראָצעסן פֿון אינדוסטריִאַליזאַציע און שאַפֿן אַ פּויערטום; מיִר האָבן שוין אויך אַ גרויסע קאָנקרעטע אויפֿגאַבע—שאַפֿן אַ נייעם צענטער פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. אָט אזוי שאַפֿט זיך די סאָציאַלע ציל-איינשטעלונג פֿון אונדזער קולטור-בויונג.

אַדאַנק דעם ווערט אונדזער קולטור-אַרבעט אַף יידיש ניט נאָר אַ פּעדאַגאָגישע, נאָר אַ סאָציאַלע אויפֿגאַבע. די פֿראַגן פֿון נאַציאָנאַליזירנדיקע און אַסימיליִרנדיקע מאָמענטן אין אונדזער בויונג פֿאַרלירן זייער פּראַקטישן ווערט. „מיר קענען זיך ניט פֿאָרקען ארום אן אָפּגעלעבטער פֿראַגע וועגן נאַציאָנאַליזאַציע און אסימילאַציע און פֿאַרמאכן די אויגן אַף דעם, וואָס עס טוט זיך ארום אונדז, שטעלנדיִק די פֿראַגע פּרינציִפּיעל, פּאָליטיש און איִדעאָלאָגיש, קאָן דער נאַציאָנאַליזירנדיקער מאָמענט שפּיִלן איצט אין אונדזער אַרבעט די ראָליע פֿון א ביימיטל, מיט וועלכן מיר קאָנען זיך א מאָל באנוצן, פֿאַרלירנדיק אָבער אינגאַנצן זיין ציִל פֿאַר זיך. שאפֿנדיק די קולטור-אַרבעט אף ייִדיש, גייען מיר ארויס פֿון דער פּאָשעטער האנאכע, אז „מיר האָבן פֿאַר זיך דעם איבערוועגנדיקן פּלאַסט פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג מיט ייִדיש אַלס זייער מוטערשפּראַך. אים קומט אויס ספּעציעל צו באדינען און העלפֿן אים צוזאַמען מיט דער גאַנצער באַפֿעלקערונג דורכמאַכן דעם פּראָצעס פֿון סאָציאַליסטישן איבערבוי *).

פֿון די אַלע אָנגעוויזענע האַנאָכעס באקומען מיר זייער וויִכטיקע פּראַקטישע פּויעל-יוצעס. די פּראָצעסן פֿון אינדוסטריִאַליזאַציע און שאַפֿן אַ ייִדישע פּויערטום רוקן ארויס אַפֿן קולטור-געביִט די נויטיִקייט צו פֿאַרשטאַרקן די פּראָפֿטעכנישע בילדונג און די ייִדישע שול-אַרבעט אין דאָרף. עס מוז פֿאַרשטאַרקט און פֿאַרגרעסערט ווערן די פּאָליט-אויפֿקלערערישע אַרבעט איִן זיִן פֿון אַוועקשטעלן אַף דער געהעריקער הויך די אנשטאַלטן, וועלכע באַדינען די דערוואַקסענע באַפֿעלקערונג. איִן דער ערשטער ריי דאַרף, פֿאַרשטייט זיך, ליִקווידירט ווערן דער אנאלפֿאַבעטיִזם, וועלכער איז נאָך פֿאַראַן (פֿאַרהעלטנישמעסיק ניט אין א גרויסער מאָס) בא דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. א גרויסע און אַ פֿאַרצווייגטע קולטור-אַרבעט מוז געפֿירט ווערן איִן שטעטל, וועלכע שטעלט מיט זיך פֿאָר בא איצטיקן טאָג, אדאַנק איר רוּיִניִרטקייט און אָפּגעשטאַנענקייט, אַ דאַנקבארן נעסט, אין וועלכן עס האלטן זיך אוף די רעשטן פֿון מיטלאַלטער. קעדיי דורכפֿירן די געהעריקע מאָסמיטלען דאַרף געשאַפֿן ווערן אַן איינהייטלעכער קולטור-פּלאַן, וועלכער זאָל ערנסט און אף לאַנג אָנמערקן די אויפֿגאַבן פֿון קולטור-בויונג אינגאַנצן פֿאַרבאַנד, נעמענדיִק איִן דערזעלבער צייט די ייִדישע קולטור-אַרבעט איִן פֿאַרשיידענע רעפּובליקן מיט זייערע ספּעציפֿישע באדינגונגען.

די פֿראַגע פֿון קולטור-בויונג—דאָס איִז שוין אייגנטלעך בא אונדז קיין נייס ניט—איִז אוועקגעשטעלט געוואָרן, ווי א פּראָבלעם פֿון סאָציאלער פּאָליטיק און איִן דעם, קאָן מען זאָגן, ליגט די הויפּט נאַפֿקעמינע צווישן דער שטעלונג פֿון קולטור-פּראָבלעמען בא אונדז און בא פֿאַרשיידענע גרופּירונגען אַף יענער זייט. אַף וויפֿל די ייִדישע קולטור-אַרבעט שטייט דאָרט פֿאַקטיש אויסער די מעלוכע ראַמען, מוז זי פֿאַרפֿילן איר אינהאלט מיט אַבסטראַקטע פּרינציִפּן, וועלכע שטייען אויסערן לעבן. בא אונדזערע באדינגונגען דאַרף די קולטור-בויונג דינען קוידעמקאָל דער מאסע, מיטהעלפֿן איר פּראָדוקטיוויִזירן—זי באקומט אַ רעאַלע סאָציאַלע באשטעלונג און מוז זי אויספֿילן.

## III

די זאַכלעכע אַרבעט פֿון צוזאַמענפֿאָר האָט זיך קאָנצענטרירט אין די סעקציעס: וויִסנשאַפֿטלעכע, סאָציאַלע דערציִונג, פּאָליט-אופֿקלערערישע און פּראָפֿטעכנישע. אויסער דעם האָבן געאַרבעט אייניקע אונטערקאָמיסיעס,—פֿאַרלאג, געזעלשאַפֿטקענטעניש, פּעדטעכניקומען א.א.וו.

פֿון דער ארבעט איִן די סעקציעס דאַרף אַפֿן ערשטן אָרט לויט איר פֿאַרנעם און אינהאלט אויסגעטיילט ווערן די וויִסנשאַפֿטלעכע סעקציע; איר איִז אויסגעקומען, קאָן מען זאָגן, דעם

*) די סטאַטיִסטישע אנגאבן וועגן דעם פּראָצענט „ייִדיש-שפּראַכיקע", וועלכע ווערן געבראַכט אין כ. טשעמעריִסקיס פֿארטראג. פֿאַרדינען א ספּעציִעלע און דעטאַליִזירטע אָפּהאַנדלונג.

ערשטן מאָל ארויסטרעטן עפֿענטלעך, פֿאַר דער וועלט—זי האָט זיך געפֿילט דעריבער ווי אן „אימענינִיק״. דער סעקציע איז אויסגעקומען פֿאַנאַנדעראַרבעטן די אידעאָלאָגישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פרינציפּן פֿון איר ווייטערדיקער אַרבעט—דאָס האָט צוגעצויגן צו איר די גרעסטע אויפֿמערקזאַמקייט פֿון צוזאַמענפֿאָר.

פֿאַר דער צייט פֿון ערשטן אַלפֿאַרבאנדישן יידישן קולטור-צוזאַמענפֿאָר (דעקאבער 1924 י.) ביזן צווייטן זיינען אויסגעוואַקסן אין ראַטנפֿאַרבאנד דריי יידישע וויסנשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס—דער יידסעקטאָר באם אינסטיטוט פֿאַר ווייסרוסישער קולטור („אינ-ווייסקולט״) אין מינסק, די יידישע קאַטעדער בא דער אוקראַיני-שער וויסנשאַפֿטלעכער אקאַדעמיע אין קיעוו, די יידישע וויסנשאַפֿטלעכע געזעלשאַפֿט באם 2-טן מעלוכע-אוניווערסיטעט אין מאָסקווע. די ערשטע האָט באוויזן דורכפֿירן אַ באַדייטנדיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע און אקאַדעמישע אַרבעט, די לעצטע צוויי אינסטיטוציעס האָבן פֿאַרענדיקט דעם ארגאַניזיר-פעריאָד און טרעטן צו צו פלאַנמעסיקער וויסנשאַפֿטלעך-פֿאָרשערישער ארבעט. בא די פערספעקטיוון, וועלכע שטייען פֿאַר דער יידישער וויסנשאַפֿט אין ראַטנפֿאַרבאנד, איז איצט אוועקגעשטעלט געוואָרן די פֿראַגע וועגן איר אידעאָלאָגישן פּאָנים. די אויפֿגאַבע איז אויפֿגעקלערט געוואָרן אין פֿאָרטראַג פֿון כ׳ ליטוואַקאָוו—„אונדזער וויסנשאַפֿטלעכע פֿאָרשערישע אַרבעט און אירע אויפֿגאַבן״:

קודעמקאָל האָט מען געמוזט אוועקשטעלן די יידישע וויסנשאַפֿטלעכע ארבעט אין ראַטנפֿאַרבאנד אפֿן געהעריקן אָרט—צוליב דעם איז נויטיק געווען צו באלייכטן די עטאַפּן, וועלכע די יידישע וויסנשאַפֿט איז דורכגעגאַנגען פֿאַר דער אָקטיאבר-רעוואָלוציע. די דריי פעריאָדן פֿון דער יידישער וויסנשאַפֿט: אסימיליאַטאָריש-טעאָלאָגישער, היסטאָריש-נאַציאָנאַליסטישער, קליינבירגערלעך-יידישיסטישער—אנטשפרעכן פֿאַרשיידענע פֿאָרמען פֿון סאָציאַלער סטרוקטור פֿון יידישן קיבוץ און אָריענטירן זיך אף באַשטימטע סאָציאַלע שיכטן. די אַלע דריי שטופֿן זיינען שוין פֿאַר אונדז געשיכטע—די נייע יידישע וויסנשאַפֿט אין ראַטנפֿאַרבאנד קאָן אויסנוצן די רעזולטאַטן פֿון זייער ארבעט אַלס מאַטעריאַל, אידעאָלאָגיש איז זי אבער מיט זיי ניט פֿאַרבונדן. לויט איר מעטאָד און צילוועגדונג האָט זי מיט דער ביז איצטיקער „יידישער וויסנשאַפֿט״ קיין שום שאַיכעס ניט. אונדזער וויסנשאַפֿטלעכע טעטיקייט דאַרף מיטהעלפֿן דער סאָציאַליסטישער בויונג אין באַשטימטע געביטן, זי דאַרף באַדינען קאָנקרעטע פּראַקט-אָפשניטן פֿון דער קולטור-רעוואָלוציע. בא די פּאָליטישע און סאָציאַלע באַדינגונגען, באַ וועלכע עס אנטוויקלט זיך דער יידישער קיבוץ אין ראַטנפֿאַרבאַנד. וואָס מער שיכטן פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג ווערן אריינגעצויגן אין די פּראַצעסן פֿון סאָציאַליסטישער בויונג מוז די „יידן-פֿאָרשונג״ אריבערגיין אין וויסנשאַפֿט אף יידיש. די לעצטע דאַרף באַדינען די צאָלרייכע אינסטיטוציעס, וועלכע מיר פֿאַרמאָגן שוין אַף פֿאַרשיידענע געביטן—שולן פֿאַר סאָציאַלער דערציונג, הויכשולן, אַגראָנאָמישע ארבעט, געריכט-קאמערן א.א.וו., און דער אָפשניט פֿון וויסנשאַפֿט אַף יידיש דאַרף מיט דער צייט פֿאַרגרעסערן זיך.



באַשטימענדיק איר צילאיינשטעלונג און אינהאַלט, דאַרף די אָרגאַניזירטע יידישע וויסנשאַפֿטלעך-פֿאָרשערישע אַרבעט שטרענג אָפּטיילן זיך פֿון די פֿרעמדע עלעמענטן און אויסאַרבעטן אַן אייגענע סעמאַטיק לויט אַ באַשטימטן פרינציפּ. דער פרינציפּ קאָן זיין נאָר איינער—אַלס אָביעקט פֿון פֿאָרשונג דאַרפֿן גענומען ווערן די מאַסן-עלעמענטן און מאַסן-פֿאַקטאָרן פֿון דער יידישער געשיכטע און קולטור אין זייערע פֿאַרשיידנאַרטיקע אַנטפּלעקונגען. אַפֿן געביט פֿון געשיכטע דאַרף אַרויסגערוקט ווערן אַפֿן ערשטן אָרט די געשיכטע פֿון אַרבעטער-באַוועגונג און פֿון 19-טן יאָרהונדערט; מע דאַרף צוטרעטן וויסנשאַפֿטלעך איבערשאַצן די „היסטאָרישע ווערטן״, וועלכע מיר האָבן באַקומען בירושע. די ליטעראַטור-פֿאָרשונג דאַרף זיך קודעמקאָל פֿאַרנעמען מיט דער סוויווע און ניט מיטן איזאָלירטן שרייבער. די שפּראַכפֿאָרשונג דאַרף זיך איבערהויפּט פֿאַרנעמען מיט די שטייגעריש-וועלטלעכע און האַמוניש-פּראָדוקציריש עלעמענטן פֿון דער פֿאָלקשפּראַך. אין די אַלע פֿאָרשונגען דאַרף פֿאַרנעמען אַ וויכטיקן אָרט דער קאַנט-פֿאָרשערישער פרינציפּ, „די פֿאָרשונג פֿון אַלגעמיינע פֿאַקטאָרן, וועלכע האָבן דעטערמינירט די געשיכטע פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג אין געגעבענעם לאנד אָדער קאַנט״.

אַ נאַטירלעכע דערגאַנצונג צו כ׳ ליטוואַקאָווס פֿאָרטראַג האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט דער פֿאָרטראַג פֿון כ׳ ליבערבערג „די אָרגאַניזיר-אויפֿגאַבעס פֿון דער יידישער וויסנשאַפֿטלעכער אַרבעט״. אין פֿאָרטראַג איז אָנגעוויזן געוואָרן אַף דער נויטיקייט פֿאַנאַנדערטיילן די וויסנשאַפֿטלעך-פֿאָרשערישע אַרבעט צווישן פֿאַרשיידענע אינסטיטוציעס, קעדיי אויסמיידן פּאַראַלעליזם, אָרגאַניזירן באַראטונגען פֿון די אינסטיטוציעס, איינשטעלן אַ שטענדיקע פֿאַרבינדונג מיט די הויכשולן, געמיינזאַמע אויסגאַבן. עס דאַרף געלייגט ווערן אַ גרויסער אַכט אַף די הילף-וויסנשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס—מוזייען, ארכיוון א. א. וו. עס דאַרף איינגעשטעלט ווערן אַן אייגנע פֿאַרבינדונג צווישן די יידישע וויסנשאַפֿטלעכע אַנשטאַלטן אין די רעפּובליקאַנישע.

אין רעזולטאַט פֿון די פֿאָרטראַגן און די דעבאַטן איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ גענויער אַרבעטפּלאַן פֿון די וויסנשאַפֿטלעך-פֿאָרשערישע אינסטיטוציעס אַף פֿאַרשיידענע געביטן—געשיכטע-פֿאָרשונג, סאָציאַל-עקאָנאָמישע פֿאָרשונג, ליטעראַטור און שפּראַך-פֿאָרשונג א. א. וו. עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָנטאַקטיר-ביוראָ, אין וועלכער עס זיינען אַריין פֿאָרשטייער פֿון די פֿאַרינטעריסירטע אינסטיטוציעס, וועלכע דאַרף נעמען אַף זיך דורכפֿירן פּלאַנמעסיק די אָנגעמערקטע אויפֿגאַבן.

די אַרבעט פֿון די איבעריקע דריי סעקציעס—פּאָליטאויפֿקלערעריש, סאָציאַלע דערציונג און פּראָפֿטעכנישע—האָט זיך באַזירט אַף דעם גרויסן פֿאַקטישן מאַטעריאַל, וועלכער איז געווען אין די באַריכטן פֿון די צענטראַלע יידישע בילדונג-ביוראָען בא די רעפּובליקאַנישע פֿאָלקאָמבילדן—ר. ס. פֿ. ס. ר., או. ס. ס. ר. און וו. ס. ס. ר.

זייער וויכטיקע אויפֿגאַבן שטייען פֿאָר אין דער נאָענטסטער צייט פֿאַר אונדזער פּאָליטאויפֿקלערערישער אַרבעט. ערשטנס דער-

פֿאַר, ווייל די אַרבעט אַף דעם געביט האָט זיך נאָך ניט באַוויזן צו פֿאַנאַנדערוויקלען זיך אין פֿאַרגלייך מיט די באַדערפֿענישן פֿון די יידישע מאַסן; צווייטנס, ווייל די וויכטיקסטע פֿונקציעס פֿון אונדזער קולטור-אַרבעט—מיטהעלפֿן דעם פּראָצעס פֿון אַריינציען די יידישע מאַסן אין סאָציאַליסטישער בויונג—קאָן אויסגעפֿילט ווערן נאָר דורך העכערן דעם קולטור-ניוואָ פֿון די מאַסן. אין דעם פּראַט איז אָנגעמערקט געוואָרן אַ ריי מאָסמיטלען אַפֿן געביט פֿון ביבליאָטעק-און קלוב-אַרבעט, לייען-שטיבלעך, קאַמף מיטן קלעריקאַליזם א. א. וו. עס איז אָנגעוויזן געוואָרן אַף דער נויטיקייט צו אָרגאַניזירן און אויפֿשטעלן אַף אַ גרעסערער הויך די גרויסע קולטור-אַרבעט, וועלכע קומט פֿאָר אַף די ערטער אַף אַ סטיכיִשן אופֿן, לעמאָשל, די דראַמקרייזן, וועלכע פֿירן זייער אַרבעט אָן קיין שום ליטעראַרישער און קינסטלערישער אָנפֿירונג און מוזן דעריבער אַראָפּלאָזן זיך צום שונד. עס זיינען באַטאָנט געוואָרן די גרויסע דערגרייכונגען, וועלכע מיר פֿאַרמאָגן אַפֿן טעאַטער-געביט—דער מאָסקווער יידישער קאַמער-טעאַטער, דער יידישער מעלוכע-טעאַטער אין ווייסרוסלאַנד.

בענוגייע דער אַרבעט פֿון דער סעקציע פֿאַר סאָציאַלער דערציִונג דאַרפֿן מיר אָנווייזן, אַז די גרויסע מעטאָדישע אַרבעט, וועלכע פֿירט זיך אַף דעם געביט, האָט שוין איבערגעוואַקסן אַלגעמיינע קולטור-צוזאַמענפֿאָרן און דאַרף אַף ווייטער ווערן דיפֿערענצירט—לויט באַזונדערע קאָנצענטרען, איינצלנע געגנשטאַנדן א. א. וו. פֿון די פֿיל פֿראַגן, וועלכע זיינען אַף דער סעקציע אַרויסגערוקט געוואָרן, דאַרפֿן באַצייכנט ווערן די פֿראַגע פֿון פֿילשפּראַכיקייט, וועלכע איז בא אַ איצטיקן טאָג איינע פֿון די סאַמע האַרבסטע פֿאַר דער יידישער שול, און אַרבעט-פּראָצעסן, וואָס פֿאַרנעמען נאָך ניט דעם געהעריקן אָרט אין דער יידישער ראַטן-שול. עס איז אויך אָנגעוויזן געוואָרן אַף דער נויטיקייט צו ראַציאָנאַליזירן די פּעדאַגאָגישע אַרבעט—אין דער ריכטונג דאַרף געווענדעט ווערן די מעטאָדישע אַרבעט אַף דער נאָענטסטער צייט.

די אַרבעט פֿון דער פּראָפֿטעכנישער סעקציע האָט באַוויזן, אַז אַף דעם געביט איז נויטיק צו פֿאַרשטאַרקן די ענערגיע, איבערהויפּט אין ווייסרוסלאַנד.

עס איז קלאָר, אַז די פּראָפֿטעכנישע שול וועט דאַרפֿן בא אונדז ווערן איינע פֿון די שלאָגאופֿגאַבן, אַף וויפֿל זי שטעלט מיט זיך פֿאָר איינציטיק אי אַ בילדונג—אי אַ פּראָדוציר-מיטל.

אין דער פֿאַרלאַג-קאָמיסיע איז אָנגעצייכנט געוואָרן אַ ריי מיטלען צו קאָאָרדינירן די יידישע פֿאַרלעגערישע אַרבעט אין פֿאַרשיידענע רעפּובליקן פֿון פֿאַרבאַנד.

אַ ספּעציעלע אַרבעט איז דורכגעמאַכט געוואָרן דורך דער אָרפֿאָגראַפֿישער קאָמיסיע, וועלכע האָט איינגעפֿירט אַ ריי קלאָלים מיטן ציל צו פֿאַריינהייטלעכן די יידישע אָרפֿאָגראַפֿיע.

באַזונדערס דאַרף אָפּגעצייכנט ווערן די אַטמאָספֿער פֿון צוזאַמענפֿאָר. די באַגריסונגען האָבן ניט געטראָגן קיין „קאַזיאָנעם“ כאַראַקטער. עס האָט זיך געפֿילט, אַז בא די אוקראַינישע אַרבעטער, וועלכע זיינען געקומען פֿון די זאַוואָדן באַגריסן דעם צוזאַמענפֿאָר, קומט פֿאָר די קולטור-רעוואָלוציע אין זין פֿון באַוווסטזיניקן פֿאַרשטיין דעם פּרינציפּ פֿון געמיינזאַמער פּראָלעטאַרישער קולטור-אַרבעט פֿון פֿאַרשיידענע נאַציעס. עס דאַרף אויסגעטיילט ווערן די פּאָליטישע רעדע פֿון סעקרעטאַר פֿון צ. ק. ק. פּ. או. כ' ליובטשענקאָ, וועלכער איז לויטן אינהאַלט און פֿאָרם געגאַנגען אַסאַך ווייטער פֿאַר דער טריבונע אין זאַל פֿון צוזאַמענפֿאָר (אָפּגעדרוקט אין אונדזערע צייטונגען).

סומירנדיק דעם אינהאַלט פֿון דער אַרבעט פֿון צוזאַמענפֿאָר, דאַרפֿן מיר אָנווייזן אַף דער איינהייטלעכקייט, וועלכע גייט דורך ווי א רויטער שנור אין דער פּאָליטישער און פּראַקטישער טייל. עס איז געגעבן געוואָרן דער קולטור-בויונג אַ סאָציאַלע אויפֿגאַבע—און אין אַלע אירע טיילן, אָנהייבנדיק פֿון פֿונדאַמענט—מאַסנשולן—און פֿאַרענדיקנדיק מיט די וויסנשאַפֿטלעכע קאָמאַנדירהויכן—וועט זי איר אויפֿגאַבע אויספֿילן.

---

מ. קאַסטעליאַנסקי.

# די אנשוילעכע קונסט צום עלפֿטן יאָר פֿון דער רעוואָלוציע.

(לעצטער אויסשטעלונג-סעזאָן אין מאָסקווע).

I

צום עלפֿטן יאָר פֿון דער רעוואָלוציע, ווען אין אלע געביטן פֿון קולטור איז אונטערגעפֿירט געוואָרן אַ סאַכאַקל, האָט אויך די אנשוילעכע קונסט אין אַ גאַנצער ריי אויסשטעלונגען אָפּגעגעבן אַ דין וועכעשבן פֿאַר דער ברייטער געזעלשאַפֿטלעכקייט, וועגן אירע דערגרייכונגען פֿאַר די שטורמישע צען יאָר. פֿאַר דעם לעצטן האַלב יאָר פֿון פֿאַר די גרויסע אָקטיאַבר-טעג זיינען אין מאָסקווע אָרגאַניזירט געוועזן דריי יובילײ אויסשטעלונגען: 1) אַ קונסט-אויסשטעלונג פֿון די פֿעלקער פֿון פֿסס״ר. 2) אַ אויסשטעלונג פֿון קונסט-ווערק, אָרגאַניזירט דורכן ראַטפֿאָלקאָם, וואָס האָט געדאַרפֿט געבן אַן אַלגעמיינעם איבערבליק איבער „10 יאָר ראַטנבויונג“ און 3) אַן אויסשטעלונג צום צעניאָריקן יובילײ פֿון דער רויטער אַרמיי.

כוץ דעם האָבן פֿאַר דעמזעלבן האַלב יאָר אויסגעשטעלט זייערע אַרבעטן פֿאָלגנדיקע קינסטלער-געזעלשאַפֿטן: „מאָסקווער קינסטלער“ („אמכו“), קינסטלער רעאַליסטן („אכרר“), די יונגע קינסטלערישע קויכעס, די גרופּן „וווקס“ און „יונגע קינסטלער פֿון רעוואָלוציאָנערער רוסלאַנד“ („אמאכרר“).

די אלע גרויסע אויסשטעלונגען גיבן אונדז אַ פֿולקאָם בילד פֿון אונדזער אנשויונג-קונסט און כאַראַקטעריזירן די שטעלונג פֿון אונדזערע קינסטלערישע גרופּירונגען צו אונדזערע אַלגעמיינע בויונג-פּראָבלעמען.

די ערשטע אויסשטעלונג, אַף וועלכער מיר וועלן זיך גענוי אָפּשטעלן, איז די אויסשטעלונג פֿון קונסט-דערגרייכונגען פֿון די פֿעלקער פֿון פֿסס״ר פֿאַר צען יאָר.

די אויסשטעלונג איז פֿאָרגעקומען אין מאָסקווע אין די יובילײ-טעג און איז געווען אָפֿן עטלעכע כאַדאָשים.

זי איז געשאַפֿן געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פֿון דער יובילײ-קאָמיסיע באַם ראַטפֿאָלקאָם, און איז דורכגעפֿירט געוואָרן דורך דער אַלפֿאַרבאַנדישער אַקאַדעמיע פֿאַר קונסט-וויסנשאַפֿט.

אין איר זיינען געווען פֿאָרגעשטעלט אַלע פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן ווי אוקראַינע, ווייסרוסלאַנד, הינטער-קאַווקאַזער פֿעדעראַציע און אלע אווטאָנאָמע רעפּובליקן, ווי די טאָטערישע, אוראַלער, ווייטמיזורעכדיקע א. א.

אומגעוואַרטעט פֿאַר די אָרגאַניזאַטאָרן פֿון דער אויסשטעלונג, איז די קונסט פֿון די פֿעלקער פֿון פֿסס״ר אַזוי אויסגעוואַקסן, אַז ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס עטלעכע רעפּובליקן האָבן איינציטיק געשאַפֿן יובילײ-אויסשטעלונגען בא זיך און זיינען דעריבער געווען ווייניק פֿאָרגעשטעלט, איז דאָך געווען אומעגלעך צו אויסשטעלן אַפֿילע אַ העלפֿט פֿון דעם, וואָס איז דורכגעלאָזן געוואָרן דורך דער זייער שטרענגער זשורי.

דאָרט, וווּ ס'איז אַפֿילע ניט געווען קיין שפּור פֿון זעלבסטשטענדיקן שאַפֿן, זיינען אויסגעוואַקסן גרויסע קונסט-אָרגאַניזאַציעס, מיט אַן אייגנאַרטיקער פֿיזיאָנאָמיע, מיט אַן אייגנאַרטיקן נאַציאָנאַלן און פֿאָרמעלן צוגאַנג צו די סאָציאַלע פּראָבלעמען, וואָס זיינען אַרויסגערוקט געוואָרן דורך דער רעוואָלוציע.

זייער טרעפֿלעך האָט זיך אויסגעדריקט אין זיין אַרטיקל וועגן דער אוקראַינישער קונסט דער אוקראַינישער קינסטלער און קריטיקער ווראָנאַ, אַז „ריידנדיק וועגן דער איצטיקער אוקראַינישער קונסט, קען מען ניט שטעלן די פֿראַגע וועגן אויפֿשטעלן אַ וועלכע עס איז ביזמילכאָמעדיקע נאָרמע, ווייל די אוקראַינישע קונסט האָט אנגעהויבן איר וועג פֿון דער רעוואָלוציע“. דאָסזעלבע קען מען נאָך מיט מער רעכט זאָגן וועגן ווייסרוסלאַנד, וווּ ביז דער רעוואָלוציע זיינען געווען איינצלנע מאָלער, וואָס פֿלעגן שרייבן סאַלאָן-בילדלעך. פֿאַר די יאָרן פֿון דער רעוואָלוציע זיינען געשאַפֿן געוואָרן אין ווייסרוסלאַנד עטלעכע גרויסע אויטשטעלונגען פֿון באַדייטנדיקע קינסטלערישע גרופּן; דאָ איז אויך געשאַפֿן געוואָרן אן אייגענער קונסט-טעכניקום און לעצטנס אַ גרויסע קינסטלער-פֿאַרייניקונג.

דאָסזעלבע איז אויך אין אלע גרעסערע און קלענערע רעפּובליקן און קאַנטן פֿון אונדזער פֿאַרבאַנד.

דעם באַדייטנסטן אָרט אַף דער אויסשטעלונג האָבן פֿאַרנומען אוקראַינע און די הינטער-קאַווקאַזער פֿעדעראַציע. אוקראַינע איז געווען פֿאָרגעשטעלט דורך גאַנצע דריי קינסטלער-אַסאָציאַציעס, וואָס יעדערע פֿון זיי שליסט אין זיך איין צענדליקער קינסטלער. די גרעסטע פֿון זיי איז „ארמו“, (אַסאָציאַציע פֿון רעוואָלוציאָנערע קונסט פֿון אוקראַינע). פֿון די איבעריקע צוויי איז „אכטשו“ (אַסאָציאַציע פֿון קינסטלער פֿון רעוואָלוציאָנערער אוקראַינע).

„אכטשו“ איז א פֿיליע פֿון רוסישן א.כ.ר.ר. און גייט צו די רעוואָלוציאָנערע טעמען, ווי אָקטיאַבר-דעמאָנסטראַציעס, לייענשטיבלעך א. א. וו., מיט דיזעלבע מיטלען פֿון פּראָטאָקאָלישן נאַטוראַליזם, ניט אַרויסווייזנדיק קיינע נאַציאָנאַלע אייגנשאַפֿטן. אין „אסמו“ (אסאָציאַציע פֿון אוקראַינער קונסט-מייסטער) איז אַ גרופּע, וואָס האָט ניט קיין אויסגעשפּראָכענעם פּאָנים און פֿאַרנעמט זיך איבערהויפּט מיט נאַטורמאָרטן, פּייזשאַזן א.א.וו.

דערפֿאַר אָבער איז „אסמו“ אַ אייגנאַרטיקע קונסט-אָרגאַניזאַציע, מיט בולעטע נאַציאָנאַלע שטריכן און מיט פֿאָרמעלע זוכענישן.

ארום דער אַסאָציאַציע גרופּירן זיך די סאַמע באַגאַבטע, און נאָענטע צו אונדזערע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אויפֿגאַבן, קינסטלער.

די אַסאָציאַציע, ניט אָפּוואַרפֿנדיק די נייסטע פֿאָרמעלע דערגרייכונגען און אָפּערירנדיק מיט ריין קינסטלערישע מיטלען, פֿאַרשליסט זיך אָבער ניט אין די דאַלעדאַמעס פֿון פֿאָרמאַליזם און נעמט שטענדיק טעמען אַקטועלע, פֿאַרבונדענע מיטן לעבן.

אַ גרעסערער טייל בילדער פֿון אוקראַיִנישן אָפּטייל אַף דער אויסשטעלונג שפּיגלען אָפּ די יאָרן פֿון בירגער-קריג. דאָס איז גאַנץ פֿאַרשטענדלעך, נעמענדיק אין אַכט דעם גרויזאַמען כאַראַקטער פֿון די יאָרן פֿון בירגער-קריג אַף אוקראַיִנע.

אַ גרויסן איינדרוק מאַכט די בילד פֿון קינסטלער שעכטמאַן „צוגראַמירטע“, וועלכע שילדערט אַ גרופּע ייִדן און ייִדענעס, וואָס זיינען גאַנץ געבליבן פֿון פּאָגראָם און באַהאַלטן זיך אין אַ הייל. די שרעק האָט געליימט אין זיי יעדער געפֿיל און זיי באַמערקן ניט די שלאַנגען, וועלכע ס'פּויזן ארום זיי. אַ גרויסן איינדרוק מאַכט אויך די גראַוויור פֿון קינסטלער קאַסיאַן „נאָכן פּאָגראָם“—אַ גרופּע ייִדן וואָס שטייען אַרום די שרעקלעכע הרוגים. די און נאָך אַנדערע בילדער אַף דער טעמע זיינען אויסגעדריקט אַזוי עקספּרעסיוו, אַז די טעמע „פּאָגראָם“ בלייבט ניט ווי אַ ליטעראַרישע, נאָר איז דערהויבן צו טראַגיש מאָנומענטאַלע מאָלער-ווערק.

אָבער כוץ די מאָטיוון זיינען בא די אוקראַיִנער אויך אויסגעדריקט מאָמענטן פֿון קאַמף און בויונג,—זאַוואָדן, באַריקאַדן, שטרייקן, גרופּעס פֿון אַרבעטער א. א. וו.

אין דער זוכעניש פֿון אַן אייגנאַרטיקן נאַציאָנאַלן סטיל, פֿאַלן אָפּט אונטער די אוקראַיִנישע קינסטלער אונטער דער ווירקונג פֿון דער וואַנט-מאָלעריי אין די קלויסטערס, וועלכע זיינען דאָ אַזוי פֿיל אין אוקראַיִנע און איבערהויפּט אין קיעוו; ס'שאַפֿט זיך אַ מאָנומענטאַלער סטיל, וואָס איז אָבער אָפּט מיסטיש און אַנטשפּרעכט ניט אינגאַנצן אונדזער היינטיקער וועלט-אַנשויונג.

אין פּראָצעס פֿון זוכן נאַציאָנאַלע און פֿאָרמעלע וועגן זיינען אָבער די אָפּנייגונגען פֿאַרשטענדלעך. מען קען קאָנסטאַטירן מיט באַפֿרידיקונג, אַז די אוקראַיִנישע קונסט איז אָפּגעגאַנגען פֿון דעם א. ג. „האָפּאַק סטיל“ און האָט באַקומען אַן אייגענעם קולטורעלן פּנים.

וועגן דער גרוזינישער קונסט קען מען זאָגן, אַז זי איז די בעסטע אילוסטראַציע פֿון דעם פֿאַקט, אַז ס'זיינען דאָ באַזונדערע נאַציאָנאַלע אייגנשאַפֿטן אין דער קונסט פֿון יעדן פֿאָלק. ווירקונגען פֿון פּערסיע און אַסיריע, צונויפֿגעפֿלאָכטן און צונויפֿגעוואָרצלט מיט דעם גרוזינישן שטייגער, מיט דעם גרוזינישן נאַטור-לאַנדשאַפֿט, גיבן אַזאַ אייגנאַרטיקע קונסט, וואָס האָט צו זיך קיין דימיען ניט אין דער קונסט פֿון קיין פֿאָלק אין דער וועלט.

כאַראַקטעריש איז, אַז דער באַוווּסטער אין אייראָפּע גרוזינישער קינסטלער גודזאַשווילי, וואָס האָט זיך געלערנט אין פּאַריז, ווו וועגן אים איז אַרויסגעגעבן אַ באַזונדערע רייכע מאָנאָגראַפֿיע, האָט אינגאַנצן פֿאַרהיט דעם סטיל און די טראַדיציעס פֿון דער גרוזינישער קונסט. דאָסזעלבע איז אויך מיטן קינסטלער לאַנסערע, וואָס האָט דעם גאַנצן לעבן געאַרבעט אין רוסלאַנד און וואָס האָט זיך גערעכנט אַלע יאָרן פֿאַר אַ רוסישן קינסטלער.

איינע פֿון די אינטערעסאַנטסטע פֿיגורן אַף דער אויסשטעלונג איז דער גרוזינישער קינסטלער ניקאָ פּיראַמאַנישווילי, וואָס איז געשטאָרבן אין 1918 יאָר. מערקווירדיק איז די ביאָגראַפֿיע פֿון דאָזיקן קינסטלער.

אַן אָרעמער פּויער, האָט ער געוואָרפֿן די פֿעלד צוליבן פּענזל, און אַרומגייענדיק פֿון אָרט צום אָרט האָט ער געמאָלט גרויסע בילדער, ווו עס איז בולעט פֿאָרגעשטעלט דער גרוזינישער לעבן מיט זיינע פֿירשטן און אָרעמע טויערים. אין גרוזיע, וואָס איז געווען אונטערן צאַרישן יאָך, האָט קיינער ניט אַכטונג געגעבן אָפֿן געניאַלן קינסטלער, וואָס האָט געלעבט אין דאַכקעס.

נאָר נאָך דער רעוואָלוציע, ווען ער איז שוין געשטאָרבן, האָט מען זיך צוגעקוקט צו זיין גרויסן ווערט, אַרויסגעלאָזט וועגן אים ספּעציעלע מאָנאָגראַפֿיעס, געשאַפֿן אַ נאַציאָנאַלע גאַלעריע אַף זיין נאָמען. און אויך די מאָסקווער טרעטיאַקאָווער גאַלעריי, האָט איינגעשלאָסן אין אירע ווענט אַ ריי פֿון זיינע בילדער.

פּיראַמאַנאַשווילי איז גרויס מיט זיין געניאַלער פּאַשעטקייט. די נאַיִווקייט, וואָס די מאַירעוודיקע הויך-קולטורעלע מאַיסטערס זוכן, איבערדיכטנדיק די נעגערן און אַנדערע ניטציוויליזירטע פֿעלקער, איז בא אים אָרגאַניש און אינטויטיוו.

פֿון די גרוזינישע בילדער, וואָס שפּיגלען אָפּ דעם היינט פֿון גרוזיע, צייכנט זיך אויס די גרויסע בילד פֿון קינסטלער טאָידזע „די לעמפּל פֿון זאַגעס“. די בילד מאָלט אַ פּויערישע מישפּאָכע. אַ קינד אַף די הענט פֿון דער מוטער ציט זיך צום עלעקטרישן לעמפּל. אויך אין די בילדער פֿון קינסטלער לאַנסערע זיינען פֿאָרגעשטעלט גרופּן פֿון גרוזינישע אַרבעטער און מאָמענטן פֿון סאָוועטישער בויונג אין גרוזיע.

די אַרמענישע קונסט איז געווען פֿאָרגעשטעלט דורך צוויי קונסט געזעלשאַפֿטן: „געזעלשאַפֿט פֿון אַרמענער קינסטלער“ און אַרמענער קונסט-פֿאַראייניקונג „אייראַטון“. די אַרמענישע קונסט, אַזוי ווי די גרוזישע, שטאַמט פֿון פּערסישע און אַסירישע קוואַלן, וואָס האָבן שוין פֿאַרקניפּלט זיך מיט די נאַציאָנאַלע אייגנשאַפֿטן פֿון אַרמעניע און טראָגן אַ ריין נאַציאָנאַלן כאַראַקטער.

שוואַכער זיינען פֿאָרגעשטעלט די איבעריקע נאַציאָנאַלע רעפּובליקן.

אָבער קימאַט יעדערע פֿון זיי, ווי קירגיזיע, אוזבעקיסטאַן, דאַגעסטאַן. טורקמעניע, באַשקיריע, קאַרעליע און צוּוואַשיע האָט אַרויסגערוקט צו עטלעכע קינסטלער, וואָס זוכן מער אָדער ווייניקער געלונגען צו אָפּשפּיגלען דאָס לעבן פֿון זייער פֿאָלק און צו געפֿינען אייגנאַרטיקע נאַציאָנאַלע פֿאָרמען.

אַ גרויסן אָרט אין דעם ווייסרוסלענדישן אָפּטייל האָט פֿאַרנומען פּען, וואָס האָט געשיקט די בעסטע פּראָדוקציע פֿון זיין פֿיליאָריקן שאַפֿן.

אין דער גראַפֿיק פֿון יודאָווין, בראַזער, מינין זיינען אויסגעצייכנט אויסגעדריקט דער ווייסרוסישער און ייִדישער טיפּ, געביידע

א. א. וו. באַם יונגן מאָלער פֿיליפּאָוויטש איז אינטערעסאַנט פֿאָרגעשטעלט אין זיינע בילדער דער נאַציאָנאַלער ווייסרוסישער קאָסטיום.

קיין באַזונדער יידישער אָפּטייל איז אַף דער אויסשטעלונג ניט געווען, ווייל די יידישע קינסטלער האָבן זיך אויסגעשטעלט צוזאַמען מיט די רעפּובליקן, אין וועלכע זיי לעבן און שאַפֿן.

נאָר איין יידישע טעמע, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט דער אויפֿלעבונג פֿון די יידישע מאַסן, „יידן אַף ערד" איז געווען באַזונדער פֿאָרגעשטעלט—זייער ווייניק יידישע קינסטלער האָבן די טעמע באַאַרבעט, נאָר די אויסגעצייכנטע מאָלעריי און צייכענונגען פֿון די קינסטלער ריבאַק, אַלטמאַן, טישלער ווייזן ווי פֿאַרכאַפּנד די טעמע איז.

מען מוז אָפּצייכענען דעם וווּקס פֿון די קונסט-שולן און אַקאַדעמיעס אין אונדזער פֿאַרבאַנד. קימאַט אַלע קלענערע רעפּובליקן און קאַנטן האָבן אייגענע קונסט-שולן, וועלכע לאָזן יערלעך אַרויס יונגע קינסטלערישע קויכעס.

די מערהייט קונסט-שולן האָבן אַ פּראָדוציר-כאַראַקטער, און זייערע אויסאַרבעטונגען אַף שטאָף, קעראַמיק, בוך-אילוסטראַציע א. א. וו., וועלכע זיינען געווען ברייט פֿאָרגעשטעלט אַף דער אויסשטעלונג, העלפֿן דער אויפֿבליונג פֿון קונסט-מאָמענטן אין דער אינדוסטריע, אין דער פּאָליגראַפֿיע א. א. וו.

די יידישע פּראָפֿעסיאָנעלע שול אין קיעוו האָט געוויזן אינטערעסאַנטע אילוסטראַציעס צו שאָלעמאַלייכעמען און פּערעצן.

צוליב מאַנגל אין אָרט וועלן מיר זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אַף די עקספּאָנאַטן פֿון טעאַטראַלער אויסשטאַטונג, וווּ ס׳זיינען דורך מאַקעטן, עסקיזן פֿון קאָסטיומען, צייכנונגען פֿון גרימען א. א. וו. פֿאָרגעשטעלט געווען קימאַט אַלע נאַציאָנאַלע טעאַטערן פֿון אונדזער גרויסן פֿאַרבאַנד.

II

די אויסשטעלונג פֿון די באַשטעלטע דורכן ראַטפֿאָלקאָם מאָלערישע, גראַפֿישע און סקולפּטור-ווערק איז געווען איינע פֿון די וויכטיקסטע דערשיינונגען אַף דעם פֿראָנט פֿון אנשוילעכער קונסט פֿאַר די יאָרן פֿון רעוואָלוציע.

די באַשטעלונג, וואָס איז צום 10 יאָריקן יובילײ פֿון דער סאוועטנמאַכט געגעבן געוואָרן די קינסטלער, איז געווען אַ פּרווו פֿאַר אַלע ריכטונגען אין אונדזער אנשוילעכער קונסט, אַף וויפֿל זיי זיינען רייף צו אָפּשפּיגלען אונדזער רעוואָלוציע.

און מען קען פֿעסט זאָגן, אַז דעם אויספּרווו האָבן די קינסטלער אויסגעהאַלטן.

דעם ערשטן אָרט אַף דער אויסשטעלונג האָט פֿאַרנומען די סקולפּטור.

די אויסשטעלונג האָט געוויזן, וואָס פֿאַר אַ גרויסן שריט פֿאָרויס ס׳האָט געמאַכט די סקולפּטור אין פֿ. ס. ס. ר. פֿאַר די יאָרן פֿון דער רעוואלוציע.

אָפּוואַרפֿנדיק די סכעמאַטישקייט, וועלכע זי האָט געיאַרשנט פֿון דעם מאַירעוו-אייראָפּעישן קוביזם האָבן די סקולפּטורן אָנגעהויבן צו זוכן אַ מאָנומענטאַלן אויסדרוק פֿאַר די טעמען, וואָס אַנטשפּרעכן אונדזערווירקלעכקייט.

די רוסישע סקולפּטור האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פֿון די נייע פֿאָרמעלע דערגרייכונגען. זי האָט אָבער געזוכט אַ צוגאַנג צו די ברייטע מאַסן דורך אַן אַנטשפּרעכנדיקן אינהאַלט, די באַהעפֿטונג פֿון אינהאַלט און פֿאָרם האָט איר געמאַכט אַזוי שטאַרק און אַקטועל.

אויסער די עטלעכע קלאַסיש קאַלטע ווערק, איבערהויפּט פֿון דער לענינגראַדער גרופּע, איז די סקולפּטור אַף דער אויסשטעלונג געווען אָנגעפֿילט מיט טעמפּעראַמענט און מיט ברויזנדיקן לעבן.

עס צייכענען זיך אויס אַזעלכע סקולפּטור-ווערק, ווי די „פּאַרטיזאַנקע" פֿון סאַמאָווע, וווּ ס׳איז פֿאָרגעשטעלט אַ יונגע מיידל, וועלכע לאָדט אָן די ביקס. אַ גרויסן דערפֿאָלג אַף דער אויסשטעלונג האָט געהאַט די סקולפּטור פֿון דער קינסטלערן מוכינע „די פֿויערטע". אין דער פֿיגור פֿון דער פֿויערטע מיט די גראָבע הענט און פֿיס, מיטן שווערן גוף איז דאָ אַזוי פֿיל ערדישעס און שטאַרקעס.

זייער אינטערעסאַנט איז געווען פֿאָרגעשטעלט אַף דער אויסשטעלונג די גראַפֿיק, אין אַלגעמיין האָט די גראַפֿיק אין פֿ.ס.ס.ר. פֿאַר די לעצטע יאָרן געמאַכט אומגעהויער גרויסע שריט פֿאָרויס און פֿאַרנעמט איינע פֿון די גרעסטע ערטער אין דער וועלט-גראַפֿיק.

אַף דער אויסשטעלונג זיינען געווען פֿאָרגעשטעלט אונדזערע בעסטע גראַפֿיקער און צייכענער ווי פֿאָוואַרסקי, קופּרעיאַנאָוו, ניוויינסקי א. א.

דאָ זיינען געווען פֿארגעשטעלט מאָמענטן פֿון אונדזער אינדוסטריאַליזאַציע, פֿון אונדזער טראַנספּאָרט א. א. וו. אונדזער פֿאַרלאַג ארבעט האָט ארויסגערוקט גרויסע גרופּן אילוסטרירער.

אינטערעסאַנט איז געווען פֿאָרגעשטעלט אונדזער ווייסרוסישער קינסטלער מ. אַקסעלראָד, וועלכער האָט אויסגעשטעלט עטלעכע צייכנונגען, וועלכע שילדערן די יאָרן פֿון בירגער-קריג באַ אונדז אין ווייסרוסלאַנד.

אין דעם אָפּטייל פֿון מאָלעריי זיינען געווען פֿאָרגעשטעלט די בעסטע קינסטלער פֿון אַלע אונדזערע פֿאַריייניקונגען, גרופּן און ריכטונגען.

און יעדערער פֿון אונדזערע קוואַליפֿיצירטע קינסטלער האָט אריינגעטראָגן זיין גאַב אין אָפּשפּיגלען אונדזער עפּאָכע.

דער קינסטלער פּעטראָוו-וואָצקין האָט אויסגעשטעלט א בילד, וווּ ס׳איז פֿאָרגעשטעלט א רעוואָלוציאָנערע יאָנטעוו אין הויז פֿון אַן אַרבעטער, שטערנבערג האָט געמאָלט אַ מיטינג; קוזניעצאָוו אַ פֿויערן. אסמיערקען—„רויטע גוואַרדייער לעבן ווינטער פּאַלאַץ" א. א. וו.

די אַלע ווערק, וועלכע ס׳זיינען מער אָדער ווייניקער געלונגען, זיינען שטיקער פֿון אונדזער היינט און אין דעם איז זייער גרויסקייט.

אף דער אויסשטעלונג איז אויך געווען פארגעשטעלט די גרופע „אסט" (געזעלשאפט פון סטאנקאוויסטן). דאס זיינען קינסטלער, וועלכע ס'זיינען נאענט צום דייטשישן עקספרעסיאניזם און פרווון מיט זיינע שארפע און שטארק ווירקנדע קונסטמיטלען איבערגעבן אונדזער היינט.

דאס דערווייזן אזעלכע בילדער, ווי די „מאפאלע פון דער צייט-ווייליקער רעגירונג", פון קאזלאוו, „די שווערע אינדוסטריע" פון פימענאוו, „דער ערשטמאיקער דורכפלי איבער דער שטאט" פון לאקאס און אנדערע.

זיי זיינען אפט אביסל גראפיש, נאר בא געוויסע פארמעלע מאילעס האבן זיי שטענדיק א שארפן סאציאלן אינהאלט.

עס שטעלט אף זיך אפ די אויפמערקזאמקייט די סעריע „מאכנא" פון באקאנטן קינסטלער טישלער. דידאזיקע זייער אינטערעסאנטע בילדער קען מען נאר אופוארפן אז זיי האבן דעם כעסארן, וואס די ראמאנטיק אין זיי איז ניט קיין געזונטע.

אין אלגעמיין האט די אויסשטעלונג באוויזן, אז די אנשוילעכע קונסט איז נאענט צו אונדזער קאמף און בויונג און איז באווופן צו דינען אלס א גרויסער פאקטאר אין אונדזער קולטור-רעוואלוציע.

א באזונדער אינטערעס אף דער אויסשטעלונג האבן ארויסגערופן די עקספאנאטן פון די פאליעכער קוסטארן. דאס איז א גרופע געוועזענע איקאנע-מאלער, וועלכע ס'האבן זיך נאך דער רעוואלוציע פארנומען מיט אויסארבעטן קעסטעלעך, טאצן, טינטערס, און נאך אזעלכע זאכן, וועלכע זיי פארמאלן מיט בילדלעך אף סאוועטישע טעמען.

די פאליעכער קוסטארן האבן זייערע קונסטמיטלען און לאזן זיי ווי א ירושע פון דאר צו דאר. די קונציקייט פון זייער ארבעט האט זיי בעשאפן א גרויסן נאמען ניט נאר אין פסס"ר, נאר אויך אין אויסלאנד.

III

די קונסט-אויסשטעלונג וואס איז געווידמעט דעם 10 יאריקן יובילײ פון דער רויטער ארמיי, איז צוזאמענגעשטעלט פון קונסטווערק, וועלכע זיינען באשטעלט דורך דעם רעוומילראט דער קינסטלער-אסאציאציע „א.כ.ר.ר.". זי האט זיך אבער אויסגעגאסן אין אן אויסשטעלונג ניט פון א באשטימטער קינסטלערישער גרופע, ווייל אין איר האבן גענומען אנטייל די בעסטע קינסטלער פון אלע אנדערע קונסט-פאריייניקונגען. דידאזיקע אויסשטעלונג איז געווען נאך א באווייז, אז אונדזער מאלער-קונסט פון אלע ריכטונגען איז מעסוגל אופצונעמען אונדזער שטייגער און אמשארפסטן אף אים רעאגירן.

דערזעלבער פעטראוו-וואצקין, וועלכער גייט צו פארמעל צו קונסט-פראבלעמען, וועלכער פארמאגט זיינעם אן אייגנארטיקן סטיל, פארבונדענעם מיט די וויזאנטעישע איקאנעס, האט פאר דעם יאר, כוץ די גרויסע שטייגער-בילד, וועלכע ער האט אויסגעשטעלט אף דער „ראטפאלקאם אויסשטעלונג" געגעבן אויך אף דער „רויט-ארמיי-אויסשטעלונג" א גרויסע בילד. זי שטעלט פאר א פארווונדעטן רויטן קאמאנדיר, שטארבנדיק שיקט ער די רויטע ארמייער פארויס אפן סוינע. די בילד מאכט דעם גרעסטן איינדרוק מיט איר אופריכטיקייט, וואס איז אויך צונויפגעבונדן מיט גרויסע פארמעלע מאילעס, ווי גאנצקייט פון קאמפאזיציע א.א.וו.

איינער פון אונדזערע בעסטע קינסטלער קאנטשאלאווסקי, וועלכער האט אייגנארטיק איבערגעטראגן די ריין פארמעלע קונסט-געזעצן פון דעם גרויסן פראנצויזישן קינסטלער סעזאן אף דער מאסקווער ערד, האט אויסגעשטעלט א בילד „רויטע ארמייער-קאוואלעריסטן באדן זייערע פערד",—א בילד וואס ווירקט זייער שטארק מיט איר ברויזנדן טעמפעראמענט, העלן און ליכטיקן זונען קאלאריט.

אינטערעסאנט איז די בילד פון קינסטלער דענייקע „די פארטיידיקונג פון פעטראגראד", אונטן זיינען באוויזן גרופן באוואפנטע ארבעטער, וועלכע גייען פארטיידיקן פעטראגראד אין דער צייט פון יודעניטשס אנפאל, און אויבן איבערן בריק טראגט מען אנטקעגן זיי די פארווונדעטע און הארוגים. אין דער בילד פילן זיך די טריט פון גרויסע מאכנעס אנגעשטרענגטע ארבעטער, וועלכע גייען קעגן סוינע.

די אויסשטעלונג פון דער רויטער ארמיי שילדערט דעם לעבן און קאמף פון אונדזער ארמיי אין באזונדערע רעפובליקן און קאנטן פון פסס"ר. איז זעט דא א רויט-ארמעישן פאראד אין אוזבעקיסטאן; דעם העלדישן קאמף פון די פארטיזאנער אין סיביר, דעם הערא‌ישן איבערגאנג אין די בערג פון קאווקאז א, א. וו. מערסטנטייל בילדער דערגייען צו א פאטעטישער הויך, זיינען אויסדריקלעך און פארכאפן דעם צושויער מיט דעם פאטאס, מיט וועלכן ס'איז איבערגעגעבן די גרויזאמע און הערא‌ישע עפאפייע.

א כוץ גרויסע בילדער, וועלכע דריקן אויס דעם קאמף, זיינען דא גרויסע פארטרעטן, וואס פארפיקסירן איינציקע פארשטייער און פירער פון דער רויטער ארמיי. אין אלגעמיין איז די אויסשטעלונג א דאקומענט פון אונדזער גרויסער עפאכע, א דאקומענט וואס וועט בלייבן אף דאר-דורעס.

IV

די לעצטע צייט באמערקן מיר אין דער רוסישער מאלעריי-קונסט צוויי באזונדערע שטרעבונגען, צוויי באזונדערע הערשנדע טענדענצן.

איינע פון זיי—דאס איז אן אויסגעשפראכענער ווילן צו זוכן א טעמע, וועלכע ס'שפיגלט אפ אונדזער שטייגער און קאמף, דידאזיקע טענדענץ פון איר זייט דריקט זיך אייגנארטיק אויס בא באזונדערע גרופן.

איין גרופע איז דער א.כ.ר.ר., וועלכע גייט מיט די וועגן פון פראטאקאלישן נאטוראליזם, פארבויגנדיק אינגאנצן די פארם צוליבן אינהאלט. פון דער צווייטער זייט די שוין אנגערופענע גרופע „אסט" און פיל עלטערע קינסטלער פארמאליסטן, וועלכע ס'האבן די לעצטע צייט געפונען א געמיינזאמע שפראך מיט דער רעוואלוציע.

די צווייטע טענדענץ, צו אָפּשפּיגלען ריין מאַלערישע מאָמענטן, ניט פאַרבינדנדיק זיי מיט רעוואָלוציאָנערע טעמען, האָט אויך פאַרשיידנאַרטיקע שאַטירונגען.

איינע פון זיי איז פאָרגעשטעלט דורך דער אויסשטעלונג פון „אָכר״ (געזעלשאַפט פון קינסטלער רעאַליסטן. דאָ זעען מיר לאַנדשאַפטן סאַלאָן-פּאָרטרעטן, וואָס האָבן טעמאַטיש קיין שום שאַיכעס ניט צו אונדזער היינט און זיינען פאָרמעל רעאַקציאָנער. אַ דערפאָלג האָבן זיי נאָר בא א געוויסן שיכט פון דער קליינבירגערלעך-געשטימער אינטעליגענץ, ווייל זי דערמאָנט זיי די אַמאָליקע יאָרן און די איבערלעבונגען פון אַמאָליקע ריין עסטעטישע אויסשטעלונגען.

פון דער אַנדער זייט אָבער זיינען פאַר דעם לעצטן האלב יאָר געווען אויסשטעלונגען, ווו מיר זעען באַשיינפערלעך, אַז דער ווילן צי באַהערשן די פאָרם און די פאַרב—צו באַהערשן די מאָלעריי-קולטור, איז מער אָנגעווענדט צו געפינען אַ וועג צום גרויסן לייוונט.

אַף דער אויסשטעלונג פון „אָמכ״ (געזעלשאַפט פון מאָסקווער קינסטלער), אין וועלכע ס׳האָבן זיך באַהעפט אַלע נאָענטע צו די פראַנצויזישע ריכטונגען קינסטלער, האָט זיך די טענדענץ בוילעט אַרויסגעוויזן.

בוילעטער ווי אומעטום איז דאָס אילוסטרירט אין דער לעצטער אויסשטעלונג פון „אָסט״.

די דאָזיקע גרופּע, וואָס שפּיגלט שטענדיג אָפּ די רעוואָלוציע די פאַבריק, מאָמענטן פון פיזקולטור א. א. וו., איז אַף איר לעצטער אויסשטעלונג פאָרגעשטעלט מיט אַסאַך ווינציקער בילדער, וואָס אַנטהאַלטן אין זיך רעוואָלוציאָנערע טעמאַטיק. אין איר איז מער פאָרגעשטעלט די זוכעניש נאָך אַ שטאַרקערע מאַלערישע פאָרם, וואָס פלעגט ביז איצטער אָפט בא זיי פאַרביטן ווערן מיט אַ ריין פלאַקאַטישן פאַרמאָלן דעם פלאַך פון בילד.

די זוכענישן וועלן אָבער געוויס אויסגענוצט ווערן אַף צו שאַפן ווערק פון אונדזער לעבן און קאַמף.

ווייניקער איז די זוכעניש פון אַ פאָרמעלער, קולטור וואָס מען זאָל קענען אָפּשפּיגלען דורך איר אונדזער היינט׳ קענטיק אַף די אויסשטעלונגען פון אונדזער יונגוואַרג.

בא זיי זיינען לייוונטן מיט ריין פאָרמעלע אויפגאַבן גאָר פאַרשטענדלעך, ווייל זיי זיינען געשאַפן געוואָרן אין פּראָצעס פון זייער דערלערנען די טעכניק פון מאָלן (מערסטנטייל פון זיי ענדיקן אָדער האָבן ניט לאַנג געענדיקט דעם „ווכוטעאין״—העכערער קינסטלעריש-טעכנישער אינסטיטוט—אָדער מאָסקווער קינסטלערישע סטודיעס). בא זיי זיינען דאָ פיל פּרוּוון צו פאַרבינדן די ארבעט מיט נאָענטע צו אונדזער לעבן טעמען. ס׳פרייען נאָך מער די פּרוּוון ערנסט צוגיין צו וואַנט-מאַלעריי, ווייל די יונגוואַרג פאַרשטייט, אַז אין פּראָצעס פון דערנענטערן די קונסט צום לעבן, וועט זיי אויסקומען צו פאַרמאָלן געזעלשאַפטלעכע קלובן און געביידעס.

די טענדענץ צו זיין נעענטער צו די מאַסן האָט זיך אויך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס די יונגע אָרגאַניזאַציע „וווקס״ האָט געשאַפן איר אויסשטעלונג אין א גרויסן אַרבעטער-קלוב. זי האָט פאַנאַנדערגעטיילט אַן אַנקעטע׳ וועלכע שטעלט די פראַגן: וועלכע קונסט מערק זיינען דעם אַרבעטער געפעלן, וועלכע זייטן פון לעבן האַלט ער פאַר נויטיק אָפּצושפּיגלען און אַף וואָס פאַר אַ אויפן.

די יונגוואַרג פילט די נויטיקייט צו האָבן איר צושויער און ענג פאַרבינדן זיך מיט אים.

די נייגונג צו צוגיין נעענטער צום לעבן איז בוילעט קענטיק אין דער מעלדונג, וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אין דעם זשורנאַל „קולטור און רעוואָלוציע״. די מעלדונג איז אונטערגעשריבן דורך אַלע קונסט-פאַראייניקונגען, וועלכע שטעלן זיך פאָרמעלע אויפגאַבן: די געזעלשאַפט „4 קונסטן״, אין וועלכע ס׳גייען אַריין די מער קוואַליפיצירטע און פאָרמעלע קינסטלער פון רוסלאַנד, די געזעלשאַפט „אמכ„ ווו ס׳גייען אריין אַלע מאָסקווער קינסטלער, וועלכע ס׳געפינען זיך אונטער פראַנצויזישע ווירקונגען, די געזעלשאַפט „אָסט׳ וועלכע איז נאָענט צום דייטשישן עקספּרעסיאָניזם. די מעלדונג באַהויפּטעט, אַז אַלע קינסטלער פון פ.ס.ס.ר. שטרעבן צו איין ציל: אָפּשפּיגלען אונדזער קאמף און בויונג. די מעלדונג שטעלט די פראַגע וועגן שאַפן אַ פעדעראציע פון אַלע קונסט-פאַראייניקונגען, וועלכע שטעלן זיך אלע איין אויפגאַבע—זיין נאָענט צו אונדזער רעוואָלוציע.

זייער סימפּטאָמאַטיש איז אָבער אויך דאָס, וואָס אַפן לעצטן צוזאַמענפאָר פון אַ.כ.כ.ר. איז ערנסט געשטעלט געוואָרן די פראַגע וועגן זוכן פאָרמעלע וועגן. דאָס הייסט, אז מיר שטייען אַפן שוועל פון אַן איינהייטלעכן מאָלערישן פראָנט, וועלכע וועט מיט נייע פאָרמעלע מיטלען מאָלן אונדזער היינט.

ז. ב. עלענזאָן.

# מ. גאָרקי—דער קינסטלער און קעמפער.

I

מאַקסים גאָרקי דער קינסטלער איז א לעבעדיקער דערווייז פון דער ריכטיקער, מאַרקסיסטישער טעאָריע, אַז קונסט קען און מוז זיין אַ גרויסע געזעלשאַפטלעכע פונקציע און ניט נאָר לעאַכער האַמאָיסע, אַזוי צו זאָגן, פאַר די היסטאָריקער; ניט נאָר אומבאַוווסטזיניק, אינטויטיוו, נאָר זי קען זיך שטעלן לעכאטכילע, פון אָנהויב אָן, אזא ציל און ניט נאָר עס וועט ניט דערמינערט ווערן אין איר—אין דער קונסט—איר קראַפט, נאָר פאַרקערט, זי ווערט שטאַרקער, זאַפטיקער און קרעפטיקער און ווירקט, אַלס קונסט, פיל לענגער און שטאַרקער.

גאָרקי האָט דערוויזן, אַז קונסט איז נאָר דאַן ווירקנדיק און „אייביק", ווען זי האָט גראָד און גאַנץ באַוווסטזיניק א ציל-איינשטעלונג, און ניט, ווען זי איז „פריי" פון אלע טענדענצן און אָנגעבונדענע טעאָריעס...

טענדענציעזע און ניט טענדענציעזע ליטעראַטור איז ביכלאל אַ פאַלשע פאָרמולירונג. דאָס איז איינע פון די אָנגענומענע בורזשואזע פאָרמולירונגען, וואָס ערגעצווו האלט מען זיך נאָך בא איר אָן קיין שום רעוויזיע אין אונדזער איצטיקן לעקסיקאָן. איניקע כאַזערן איבער נאָך אדהאַיעם און באַשטעמפּלען אַ באַשטימטן מין ליטעראַטור מיט דעם באַליידיקנדיקן וואָרט „טענדענציעז", ווען אינדערעמעסן איז גאָר אַף דער וועלט ניטאָ קיין ני ט טענדענציעזע ליטעראַטור און קונסט. דער זידל-וואָרט „טענדענציעזע ליטעראטור" איז געבאָרן געוואָרן אין דער צייט, ווען אין דער ליטעראַטור און קונסט האָבן זיך באַוויזן—דאַן זייער שוואכע—די ערשטע פרווון פון סאָציאַלע מאָטיוון. און ווייל דידאָזיקע סאָציאַלע מאָטיוון האבן געהאט א טענדענץ—קאמף קעגן דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג. האָבן די אידעאָלאָגן פון דער בורזשואזיע אופגעהויבן קעגן אַזא ליטעראַטור אַ וואַיצאַקו.

און, ווי אומעטום, האָט אויך דאָ די בורזשואזיע פאַרמאַסקירט איר קלאסנקאַמף מיט א קאַנדיטערסקן ווערטל—„טענדענציעזע ליטעראַטור"... דיזעלבע זאַך, ווי די אידעאָלאָגיע פון „קונסט צוליב קונסט" איז ניט מער און ניט ווייניקער ווי א „דערהויבענע" פראַזע, וואָס דאַרף צודעקן דעם קלאַסן-כאַראַקטער פון דער בורזשואזער ליטעראַטור און קונסט און באַרעכטיקן אי ר אידעאָלאָגיע.

אין די ב ר יי ט ע שיכטן פון פאָלק, פון האָרעפּאַשנעם פאָלק, האָט מען אי ן ז יי ן צ יי ט נעקראַסאָוון געלייענט מער, ווי פושקינען אי ן ז יי ן צ יי ט. ער איז געווען פּאָפּולערער און באַליבטער. אויטמאן איז געווען א געניאלער און בעפּיירעש אַן אָריגינעלער טאַלאנט, נאָר די געזעצן און געדאַנקען וועגן קונסט און ליטעראַטור האבן קאַנאָניזירט ניט די האָרעפּאַשנע מאסן, נאָר די בורזשואזיע און איר אינטעליגענץ, און דעריבער זיינען אַזעלכע שרייבער פאַרעכנט געוואָרן אין די טענדענציעזע שרייבער.

ערשט שפּעטער, אַז די סאָציאַלע קאמפן האָבן זיך פאַרשטאַרקט, און דער פּראָלעטאריאַט, דער אוואַנגאַרד, האָט גענומען באַקעמפן זיך אַן אָרט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, און ער האָט גענומען ארויסרוקן פון זיינע רייען אָדער פון דער מיטפילנדיקער אינטעליגענץ גרעסערע קרעפטן—ערשט דאַן האבן אויך די ליטעראַטן מיט סאָציאַלע מאָטיוון גענומען פאַרנעמען אַן אָרט אין דער אלגעמיינער ליטעראַטור.

גאָרקי איז געווען דער גליקלעכסטער פון דער „טענדענציעזער" פלעיאַדע שרייבער. און גליקלעך איז ער געווען מיט צוויי זאַכן. ערשטנס, איז ער אלס ליטעראַט, אלס קינסטלער געבאָרן געוואָרן אין דער צייט, ווען די פראַגע פון א רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז געוואָרן גוואלדיק אקטועל, ווען אין איר—פאַרשטייט זיך, אין אַן אנדער מאָס און אינהאַלט—איז געווען פאַרינטערעסירט זייער שטארק אַפילע די בורזשואזיע. אויך זי האָט נויטיק געמוזט פּאָטער ווערן פון דער צאַרישער דעספּאָטיע און אין קאמף קעגן דערדאָזיקער דעספּאָטיע האט די בורזשואזיע אויסגענוצט אַפילע דעם פּראָלעטאריאַט.

אין יענער צייט איז נויטיק געווען, אומבאַדינגט נויטיק געווען אויך פאַר דער בורזשואזיע א דרייסטער קאמף-וואָרט. מע האָט געדאַרפט וועקן דעם איינגעשלאָפענעם געדאַנק און דעם פאַרטעמפּטן געפיל, וואָס עס האט געהערשט נאָך דער דערשטיקטער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". און אויך די בורזשואזיע און קליינבירגערלעכע אינטעליגענץ — יעדע אין איר גראד — האָט אופגענומען מאקסים גאָרקי אַלס קינסטלער אפילע דאַן, ווען ער איז געווען צו דרייסט און צו כוצפּעדיק...

און צווייטנס,—און דאָס איז אויך איינע פון די גרויסע סיבעס, פאַר וואָס ער איז קימאט דורך אלעמען אופגענומען געוואָרן—איז מאקסים גאָרקי גליקלעך דערמיט, וואָס ער איז טאקע פון געבורט אָן אַ געניאַלער טאלאנט! ער איז דער שטארקסטער, דער גרעסטער קינסטלער אין דער גאנצער פלעיאַדע רוסישע שרייבער פאַר די לעצטע 50 יאָר, ער איז דער נייער רוסישער קלאַסיקער, ער איז א גיגאַנט.

און שטיצנדיק זיך אפן פּראָלעטאריאט אין זיין קאמף, אַף דעם קלאַס, וואָס האָט פון טאָג געוואקסן, וואָס האָט גענומען פאַרנעמען אין פּאָליטישן און שפּעטער אין עקאָנאָמישן לעבן די דאָמינירנדיקע ראָל, איז אלץ פעסטער און זאפטיקער געוואָרן זיין טאלאנט און ער איז איצט דער גרעסטער שרייבער אין דער גאַנצער וועלט.

אים איז געווען אומעגלעך צו ווארפן אין פּאָנים אַריין „טענדענציעזע ליטעראַטור". ווייל... ע ר האָט דיקטירט געזעצן, ניט אימיצער האָט אים געקענט דיקטירן. ער האָט ניט געדאַרפט

האָבן קיין האסקאָמע פֿון די בורזשואזע קריטיקער, די גרויסע רעוואָלוציאָנערע מאסן האָבן אים געגעבן זייער האַסקאָמע. אים האָט געגעבן אַ האַסקאָמע זיינע גרויסע קונסטווערק.

ווען די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע האָט זיך אַ קויקל געטאָן צוריק און אף די ברעגעס פֿון צוברויזטן רוסלאנד איז געבליבן די גאַנצע שמוץ און ברוד פֿון דער באַלעבעסלדיקער און קרעכצנדיקער אינטעליגענץ, ווען די בורזשואזיע און איר אינטעליגענץ, באקומענדיק כאָטש א שטיקל „קאָנסטיטוציע”, האָט זיך בארויִקט און איז אַ מידע געפֿאַלן אין די אָרעמס פֿון סטאָליפּינס רעאַקציע, דאַן האָבן די אידעאָלאָגן פֿון דער בורזשואזיע און קלייןבירגערטום געפּרווט ווערן „דרייסט” און ווארפֿן אויך מאַקסים גאָרקי דאָס מעוואטלדיקע ווערטעלע—טענדענציעזקייט. אָבער ער איז געווען צו גיגאנטיש און צו טיף האָט ער געלאָזן די וואָרצלען אין דעם מאסן-לייענער, אַז ער זאָל ניספּאָעל ווערן פֿון דער פּיסקעריי און גריִלצעריי פֿון דער קלייןבירגערלעכער אינטעליגענץ.

אַגעוו, איז די לאגע פֿון דער רעאַקציע-אינטעליגענץ געווען איצט זייער אַ שווערע. זי האָט איצט ניט געקענט מעוואטלמאכן גאָרקין, ווי זי האָט דאָס געטאָן אמאָל, לעמאָשל, מיט א גלעב אוספּענסקי אָדער נעקראַסאָוו. דאַן איז די לאגע געווען אזא, אז דער הערשנדיקער קלאַס האָט געהאט די גרעסטע קינסטלערישע גיגאַנטן—טאָלסטאָי, פּושקין, דאָסטאָיעווסקי, טורגעניעוו, גאָנטשאַראָוו, גאָגאָל... און אין דער סאָציאלער פּראָזע און פּאָעזיע זיינען געווע, די ערשטע שפּראָצונגען און גאַנץ שוואכע.

איצט האָט זיך די לאגע געביטן. מאַקסים גאָרקי איז געשטאנען אַ ל ס ק י נ ס ט ל ע ר מיט צען קעפּ העכער פֿאַר דער גאַנצער קלייןבירגערלעכער קינסטלערישער וועלט. ניט אנדרייעוו. ניט פֿ. סאָלאָגוב, בעפֿיירעש ניט אַרציבאַשעוו, און אַפֿילע ניט קופּרין — וועגן די קלענערע רעט מען שוין ניט — האָבן זיך ניט געקענט גלייכן אין קוואליטעט מיט מאקסים גאָרקי. אויסער סימוואָלישע קרעכצעניש און קאַצניאָמער האָבן דידאָזיקע שרייבער ניט געקענט קעגנשטעלן דעם געניאלן שילדערער פֿון געזונטן זאַפּטיקן און קרעפּטיקן רוסישן לעבן פֿון די געניאלע מאַיסעלעך, פֿון „טראָיע”, „פֿאָמאַ גאָרדייעוו”, „זעקס און צוואנציק און איינע”, „שטעטל אָקוראָוו”, פֿון „זומער” און אַז. וו. און אַז. וו...

ניט מע האָט גאָרקין געקענט אופֿווארפֿן און ניט ער האָט מוירע געהאט פֿאַר דערדאָזיקער טענדענציעזקייט. פֿאַרקערט, גאָרקי איז דורך און דורך טענדענציעז. ער האָט אין זיין שעפֿערישער ארבעט געשטעלט פֿאַר זיך א באשטימטן ציל—הויבן דעם מענטשן, וועקן אין אים די מענטשלעכע ווערדע, דעם ווילן און שטרעבן צו פֿרייהייט און באפֿרייונג; אָרגאַניזירן דעם מענטשן אין קאמף קעגן דאָס ווילדע און שוידערלעכע אין געזעלשאפֿטלעכן און פערזענלעכן לעבן, קעגן דער יערושע פֿון ווילדער אָפּגעשטאַנענקייט, באגרענעצטקייט און טעמפּקייט, קעגן פֿארגרעבטקייט, פֿינצטערניש, אָבערגלויבן א.א.וו.

גאָרקי האָט מיט זיינע ווערק ב א וו ו ס ט ז י נ י ק געציִלט אין איין פונקט—האָדעווען און אויסהאָדעווען אַ נייעם מענטשן, וואָס זאל איבערקערן און איבערבויען אַ וועלט.

דער פּראָלעטאריאט, וואָס איז געגאַנגען מיט לאַנגזאַמע, אָבער זיכערע טריט צו דער הערשאפֿט איבער אַלע איבעריקע קלאַסן, האָט געבאָרן אַ קינסטלער אַ גיגאַנט, פֿאר וועלכן די ביזאַהעריקע קינסטלערישע הערשער זיינען געוואָרן צו קליין, צו נישטיק, און זייערע געשרייען האָבן זיך געקענט פֿארוואנדלען אין וויִשקערייען.

II

איין זאך דאַרפֿן מיר שטענדיק געדענקען, ווען מיר גייען צו צו באטראכטן אַזא רייכע און פֿאַרביקע ליטעראַריש-פּאָליטישע פערזענלעכקייט, וואָס האָט געשאַפֿן און געווירקט און נאָך א רייכערער און מאמעש קאלײדאסקאָפּיש-פֿאַרביקער עפּאָכע, ווי מאַקסים גאָרקי. מיר דארפֿן אים שטענדיק נעמען און צוגיין צו אים און באטראַכטן אים ניט מיט דער מאָס פֿון אונדזערע ה י י נ ט י ק ע לעבנס-באגריפֿן און לעבנס-דערפֿארונג, ניט מיט דעם לעבנס-סייכל, וואָס מיר האָבן באקומען אלס ר ע ז ו ל ט אַ ט פֿון אַ האלבן יאָרהונדערט קאַמף, פֿון צען יאָר פּראָלעטאַרישער דיקטאטור; מיר דאַרפֿן גאָרקין נעמען ניט שטענדיק א י נ ג אַ נ צ ן, נאָר אין י ע ד ע ר זיינער עפּאָכע-אַנטוויקלונג ב א ז ו נ ד ע ר. ווייל אויב מיר זאָלן מעסטן מ. גאָרקי, באזונדער פֿון דעם יינגסטן פּעריאָד זיינעם, מיט אונדזער איצטיקן קינסטלערישן און אידעאָלאָגישן פֿאַרנעם און פֿאַרמעסטונג, וועט בא אונדז אַ גאַנצע ריי ווערק זיינע אויסזען זייער נאַיִוו און ניט שטענדיק וועלן זיי זיין פּראָלעטאַריש אויסגעהאלטן.

ווייל דאָס, וואָס איז היינטיקן טאָג קלאָר, דאָס, וואָס איצט איז דאָס שוין ניט מער באַשטרייטבאַר, דער גאַנצער אויסגעשטאנענער און טיילווייז שוין אָפּגעשטאַנענער פּראָלעטאַרישער לעבנסשטייגער, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט אין צייט פֿון האַלביאָרהונדערטיקן קאַמף, שטענדיק באַהויכט דורך דער מאַרקסיסטיש-לענינישער אידעאָלאָגיע, אָט די אידעאָלאָגיע גופֿע—דאָס אַלץ איז שוין געוואָרן, דאָס אַלץ איז שוין אַריינגעדרונגען אין אונדזער פּסיכיק, דאָס איז געוואָרן אונדזער „פּסיכאָלאָגישע אידעאָלאָגיע”.

אט דאָס אַלץ איז אַמאליקע יאָרן ניט געווען. אין דער צייט, ווען מאַקסים גאָרקי איז געקומען אין דער ליטעראַטור, האָט דער מאַרקסיזם ערשט אָנגעהויבן באַ אונדז אין רוסלאַנד זיין קאַמף פֿאַר בירגער-רעכט. קיין שום פּראָלעטאַרישער שטייגער מיט אַ דורכגעדרונגענער און אויסגעבילדעטער פּ ר אָ ל ע ט ר י ש ע ר א י ד ע אָ ל אָ ג י ע איז ניט געווען. אין יענע יאָרן האָט מען געלעבט, און אויך זייער אַ באַגרענעצטע צאָל מענטשן, מיט אידייען פֿון רעוואָלוציע און ניט מיט איר שטייגער, ווייל דערדאָזיקער שטייגער איז נאָך ניט געווען. אפֿילע אַף דעם אַרבעטער-קלאַס אין זיין קאָלאָסאַל-איבערוועגנדיקער מערהייט האָט געווירקט די קלייןבירגערלעכע אַרומרינגלונג פֿון שטאָט און דאָרף. און אין דער אידייעןוועלט איז נאָך גאַנץ שטאַרק געווען דער גייסטיקער אָטעם פֿון דער אַף טויט צוקלאַפּטער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ”.

דעריבער האָט קיין רייד ניט געקענט זיין פֿון דעם, אַז שוין צו יענער צייט, צו דער צייט פֿון רעוואָלוציאָנערן „פֿאָרן מאַבל”

זאָל גאָרקי געבן אידעאָלאָגיש-אויסגעהאַלטענע פּראָלעטאַרישע טיפּן, ער זאָל מאָלן אַן אויסגעהאַלטענע פּראָלעטאַריש-רעוואָלוציאנערע סוויווע, ער זאָל געבן די קאמף-פּסיכאָלאָגיע פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט.

מיר דאַרפן זען—אין יענער עפּאָכע פון רעוואָלוציאָנערן „ברײשית“ וואָס האָט מאַקסים גאָרקי געטאָן, קעדיי מיטהעלפן מיט זיין קינסטלערישן וואָרט דעם פּראָלעטאַרישן קאַמף, קעדיי עס זאָלן אַריינדרינגען די פּראָלעטאַרישע און רעוואָלוציאָנערע אידייען פון די „איינצלנע“, פון די „דרייסטע“ אין די ברייטע מאַסן פון פּראָלעטאַריאַט און רעוואָלוציאָנערער יוגנט.

און אין דער הינזיכט פאַרנעמט גאָרקי דעם ערשטן און קימאַט דעם איינציקן אָרט אין דער גאַנצער פּלעיאַדע רוסישע שרייבער פון דעם נאָך-קלאַסיקער-פּעריאָד.

ער איז קימאַט שטענדיק געגאַנגען האַנט באַ האַנט מיטן פּראָלעטאַריאַט, ער האָט קימאַט שטענדיק מיט זיין קינסטלערישן וואָרט געהאָלפן דעם פּראָלעטאַריאַט אין זיין קאַמף קעגן דער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער רעאַקציע, ער איז געווען דער קינסטלערישער געוויסן פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

אין וואָס פאַר א עפּאָכע איז גאָרקי געקומען אין דער ליטעראַטור?

גאָרקי איז געקומען אַפן שיידוועג פון צוויי עפּאָכן. עס איז נאָר וואָס דערשטיקט געוואָרן און אין בלוט דערטרונקען געוואָרן די אַלטע „פאָלקיסטישע“ באַוועגונג. די צאַרישע רעאַקציע האָט דערשטיקט און דערוואָרגן יעדן פרייען געדאַנק. אין דער אינטעליגענץ האָט געהערשט אַ פולשטענדיקע אַנטוישונג. ער איז געקומען אין יענע אומעטיקע טעג, ווען אף אונדזער גאַנצער געזעלשאַפטלעכקייט איז געלעגן דער שווערער צודעק פון רעאַקציע פון אכטן יארצענדליק, ווען אַפן אויבערפלאַך פון לעבן האָבן אומגעבלאָנדזעט אומעטיקע צוויאַנעטע טשעכאָווישע טיפּן (וו. וואַראָווסקי). דער מענטש האָט זיך פאַרלאָרן, ער איז געוואָרן אַפּאַטיש, ער איז געוואָרן אויס מענטש. „דער מענטש איז שוין איצט ניט קיין קעניג פון דער נאַטור, נאָר איר קנעכט. ער קעמפט ניט, נאָר ער פּאַסט זיך צו“. דאָס איז געווען די צייט פון דער „פינצטערער קעניגרייך“.

אַפן שוואַרצן פינצטערן פאָן האָבן זיך אבער בענומען באַוויזן די ערשטע, קוים באַמערקבאַרע בליצן, וואָס האָבן געגומען שניידן דעם וואַיאָמאַש-כוישעך. עס האָבן זיך געוויזן די ערשטע שטראַלן פון דער אַרבעטער-באַוועגונג. איינצלנע מענטשן, קליינע גרופּקעלעך, האָבן זיי זיך, ווי עמעסע מאַרטירער, געלאָזן אין דער-דאָזיקער „פינצטערער קעניגרייך“ און האָבן געוועקט, גערופן צו פּראָטעסט, צו קאַמף קעגן דער רעאַקציע, צו דרייסטע, „אומזיניקע“ אַרויסטרעטונגען.

וואָס האָט געדאַרפט האָבן צו יענער צייט דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס פאַר אַ געווער—אויסער, נאַטירלעך, זיין אויסגעהאַלטענע מאַרקסיסטישע אידעאָלאָגיע — האָט אים געקענט העלפן אַם שטאַרקסטן אין קאַמף קעגן אַלערליי יערידע-שטימונגען, קעגן אָפּהענטיקייט, קעגן אַפּאַטיע?...

די ערשטע זאַך—מוטערקייט, דרייסטקייט! וועקן אין דעם מענטשן אַ שטענדיקן גלויבן אין זיינע אייגענע קויכעס, אין דעם גרויסן עמעס, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט געצונדן פון די טיפסטע טיפענישן פון זיין אונטערערד אין יעדן ווינקעלע פון אומענדלעכן, טיף-שוואַרצן, צאַרישן רוסלאַנד.

מיט א ברייטער האַנט האָט גאָרקי געשאָטן אַט די קערנער פון גלויבן, פון מוטערקייט, פון דרייסטקייט. ער איז געווען דער איינציקער פון די דאַמאָלסטדיקע בעלעטריסטן, וואָס האָט אליין געגלויבט און וואָס האָט געצוואונגען גלויבן די לעזער. ער האָט געוועקט אין דעם מענטשן די שטרעבונג צו פרייהייט, די ליבע צו איר.

אלע זיינע סימוואליזירטע מאַיסעלעך און לידער אלע פּערסאָנאַזשן פון דידאָזיקע מאַיסעלעך זיינען דורך און דורכגעדרונגען מיט א קאָלאָסאַלן גלויבן, מיט א גוואַלדיקן שטרעבן צום קאַמף.

און קאַמף ניט נאָר פּאָליטישן. גאָרקי איז געווען דער איינציקער פון די דאַמאָלסטדיקע ליטעראַטן, וואָס האָט טיף פאַרשטאַנען, אז קעדיי צו דעם מענטשנס האַרץ זאָל דערגיין אָט די ליבע צו פרייהייט, מוז מען די ערשטע זאַך אים אליין אַרויסשלעפּן פון בלאָטע, פון דער רוטינע, אין וועלכער ער איז אַריינגעצויגן געוואָרן. מע דאַרף פירן א קאַמף קעגן אַלטע געוואוינהייטן און באַגריפן

און ער האָט אופגעהויבן א פולשטענדיקן בונט די ערשטע זאַך קעגן דער באַלעבעסלדיקער מאָראַל, קעגן די „אנגענומענע“ עמעסן... אויב קולטור מאַכט פון דעם מענטשן א קנעכט—זאָגט גאָרקי אין „מאַקאַר טשודראַ“—זאָל גיין צום טייוול די קולטור. דער מענטש—א פרייער אַ הײַלער אונטער דער זון טראָגט ער אין זיך דעם אַבסאָלוטן סייכל—ער איז גאָט, ער איז גרויסמוטיק, ער איז איידל“.

אָט דעמדאָזיקן קאַמף קעגן דער באַלעבעסלדיקער מאָראַל האָט גאָרקי געפירט זיין גאַנצן לעבן. און געפירט האָט ער דעמדאָזיקן קאַמף, ווי עס קען נאָר פירן אַ געניאַלער קינסטלער—מיט דער גאַנצער שאַרפקייט און דרייסטקייט פון אַ מענטשן, וואָס איז ביזן סאָף איבערצייגט אין איר שעדלעכקייט.

אין זיין פּיעסע „מעשטשאַנע“ האָט גאָרקי צום ערשטן מאָל קינסטלעריש און שאַרף אופגעהויבן זיין קאַמף קעגן דער באַלעבעסלדיקער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך געטומלט אין דער רעוואָלוציע, וואָס האָט זי בלויז נאָכגעפויזעט. ער וואַרפט אָט דער-דאָזיקער אינטעליגענץ אַ ביטערע, גאַליקע באַשולדיקונג. מיר גיבן דאָ אַ קליינעם אויסצוג פון פערטן אַקט פון דערדאָזיקער פּיעסע.

טעטערעוו (רויק). ניט שריי, אַלטער! אלץ, וואָס עס רוקט זיך אַף דיר, וועסטו ניט צוטרייבן. און—ניט באַומרויק זיך... דיין זון וועט זיך אומקערן...

בעזסעמיענאוו (פלינק). דו... פונוואַנען ווייסטו דאָס?

טעטערעוו. ער וועט ווייט פון דיר ניט אַוועקגיין, ער האָט זיך צייטווייליק אופגעהויבן אינדערהויך, מע האָט אים אַהינצו אַרופגעשלעפּט... אָבער ער וועט אַראָפּגיין. דו וועסט שטאַרבן — און ער וועט אביסעלע איבערבויען אָט די שטאָל,

וועט איבערשטעלן אין אים דאָס מעבל און וועט לעבן אָט ווי דו, רויִק, קלוג און באקוועם.

און אַביסעלע ווייטער זאָגט דערזעלבער טעטערעוו:

„ער וועט איבערשטעלן דאָס מעבל און וועט לעבן מיט דעם באַוווּסטזיין, אַז ער האָט אויסגעצייכנט אויסגעפילט זיין כּיוו פאַרן לעבן און מענטשן. ער איז דאָך דערזעלבער, ווי דו...“

נאָך נאָך שאַרפער איז ער ארויסגעטראָטן קעגן דערדאָזיקער באַלאַבעסלדיקער אינטעליגענץ אין זיין פיעסע „דאַטשניק“ „דאַטשניק“ איז אַ פאַמפלעט, אַ בייסנדיקער, גאַליקער פאַטש אין פּאָנים דער אינטעליגענץ, וואָס האָט „געקאָפּטשעט דעם הימל“, וואָס האָט זיך רויִק געלעבט אין אירע וואַרימע ווינקעלעך, ווען די גאַסן האָבן געשטורעמט פון פּראָלעטאַרישן פּראָטעסט, ווען די פלעצער זיינען געווען באַגאָסן מיט בלוט און מאַרך פון רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט.

וו. פריטשע שרייבט וועגן דערדאָזיקער פיעסע פאָלגנדעס:

„אין 1904 האָט זיך גאָרקיס פאַנאַנדערגיין מיט דער אינטעליגענץ פאַרענדיקט מיט אַ באַוווּסטן סקאַנדאַל. אַף איינע פון די פּעטערבורגער סצענעס האָט מען געשטעלט די פיעסע „דאַטשניקי“. אַף דער פּרעמיערע האָט זיך פאַרזאַמלט די גאַנצע פּעטערבורגער אינטעליגענץ, נאָכן דריטן אַקט האָבן די צושויער גענומען פייפן. גאָרקי איז רויִק אַרויסגעגאַנגען אַף דער בינע און—ווי עס דערציילט די צייטונג „רוס“—„אָן ווערטער, פאַרלייגט די הענט אַהינטער, איז ער געשטאַנען אַן אָנראַכמאָנעסדיק-גרויזאַמער און פעסטער, ווי אַ מאַרמאָרנער זאַנג, אַנטקעגן דער פייפנדיקער אינטעליגענץ און האָט שאַרף אין איר אריינגעקוקט“.

די אינטעליגענץ האָט אויסגעצייכנט דערפילט זיין בייסנדיקן קינסטלערישן פאַמפלעט.

אָבער ניט נאָר דורך קינסטלערישע ווערק האָט ער געפרוווט ווירקן אַף דער אינטעליגענץ און אַריינשלעפן זי אין קאַמף קעגן דער צאַרישער אָרדענונג און קעגן דעם ווילקיר פון דער צאַרישער רעגירונג.

אין 1901 יאָר, אַז עס האָבן זיך אָנגעהויבן די באַוווּסטע רעפּרעסיעס קעגן דער רעוואָלוציאָנערער סטודענטנשאַפט, האָט גאָרקי געשריבן אַ פּריוואַטן בריוו דעם באַוווּסטן פּאָעט וו. בריוּסאָוו:

„בא מיר קאָכט דאָס האַרץ, און איך וואָלט גערן אָנגעשפּיגן אין די פּרעכע פּענימער פון די מענטשפיינטלעכע לייט, וואָס ווילן לייענען די „צאָפּנדיקע בלומען“ (וו. בריוּסאָווס אַ ביכעלע לידער, ז. ע.) און זיי זינגען לייב-געזאַנגען. דאָס איז נידערטרעכטיק און עקלהאַפט ביז צאָרן, וואָס מע קען אים ניט אויסדריקן, אַף אַלעמען, אַפילע אַף בונינען (א באַרימטער רוסישער שרייבער, איצט אין לאַגער פון די ווייסגוואַרדייער. ז. ע.) וועלכן איך האָב ליב, נאָר איך פאַרשטיי ניט, ווי אַזוי פאַרשאַרפט ער ניט זיין טאַלאַנט, ווי אַ מעסער, און דערלאַנגט ניט מיט אים ווו מע דאַרף“.

אָט אַזוי האָט גאָרקי ליידנשאַפטלעך געבריזט מיט צאָרן און קאַמף, האָט מיט זיין צאָרן און קאַמף אָנגעצונדן די מאַסן און האָט געהאָלפן אָפּריינִיקן די געפּרעסטע אַטמאָספער פון אינערטישקייט און איינגעגעסענער באַלעבעסלדיקייט.

גאָרקי האָט געוועקט דעם מענטשן אין דעם מענטשן, גאָרקי האָט צוגעגרייט און געשפּייזט דעם רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט און אין דער הינזיכט האָט ער אויסגעפילט די גרעסטע און די נויטיקסטע רעוואָלוציאָנערע און פּראָלעטאַרישע באַשטעלונג.

III

נאָך אַ גרויסע און זייער נויטיקע סאָציאַלע באַשטעלונג האָט אויסגעפילט גאָרקי בענויגייע צום פּראָלעטאַריער.

ער האָט דער ערשטער און דער איינציקער אין יענער צייט ק י נ ס ט ל ע ר י ש  ב אַ ז ו נ ג ע ן  ד י  אַ ר ב ע ט. אין אַ ראָמאַנטישן, דערהויבענעם סטיל האָט דער פּראָלעטאַרישער פּאָעט בעזונגען וועגן אַרבעט, וועגן איר שעפערישן קויעך, וועגן דער אָרגאַניזיר-קראַפט, וואָס ליגט אין איר.

העל און ליכטיק ווערט אַפן האַרצן, ווען איר לייענט די הונדערטער פערלדיקע ערטער, וואָס זיינען צוזייט איבער זיינע בענדער, ווו ער באַזינגט די ארבעט. מיט אַ העלדישער אַרבעטער-פּאָעזיע זיינען דורכגעדרונגען אָט דידאָזיקע ערטער. ער איז פול מיט באַגייסטערונג פון דעם שעפערישן קויעך, וואָס ליגט אין דער ארבעט. ער איז דער אומיטלבארער פּאָעט פון דער שעפערישער סטיכיע.

און זיין דערציילונג „באַרושאַ“ גיט ער אַ זעלטענע בילד פון אַרבעט:

„איך האָב אויך געכאַפּט די זעק,—שרייבט גאָרקי,—געשלעפּט, געוואָרפן, ווידער געלאָפן און געשלעפּט און עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך אַליין און אַלץ אַרום האָט זיך גענומען דרייען אין אַ שטורמדיקן טאַנץ, אַז דידאָזיקע מענטשן קענען אַזוי שווערלעך און פריילעך ארבעטן, ניט מיד ווערנדיק, ניט זשאַלעווענדיק זיך, כאַדאָשים און יאָרן, אַז זיי קענען, אָנכאַפּנדיק זיך פאַר די קלויסטער און מינארעטן פון שטאָט, שלעפּן זי פון אָרט וווּהין זיי וועלן וועלן. איך האָב געלעבט דידאָזיקע נאַכט אין פריידן, וואָס איך האָב נאָך ביז אַהער ניט איבערגעלעבט. די נעשאָמע איז באַלויכטן געוואָרן מיט א פאַרלאַנג דורכצולעבן דעם גאַנצן לעבן אין דער האַלבוואַנזיניקער אנטציקונג פון טעטיקייט... אַרומנעמען און קושן האָט זיך געוואָלט אָט די צווייפיסיקע כאַיעס, וואָס ויינען אַזוי געשיקט און קלוג אין דער אַרבעט, וואָס זיינען אַזוי פאַרקאָכט אין איר ביז פאַרגעסן. עס האָט זיך געדוכט, אַז אָט אזאַ אָנגעשטרענגטקייט פון פריידיק-צוּבּושעווּעטער קראַפט וועט זיך גאָרנישט קענען קעגנשטעלן. זי איז פעיק אויפצוטאָן וווּנדער אַף דער ערד, זי קאָן פאַרפלאַנצן אין איין נאַכט די גאַנצע ערד מיט גלענצנדיקע פאלאצן און שטעט, ווי עס ווערט דערציילט אין די צויבער-מאַיסעלעך... און ביז צוויי אזייגער באַטאָג, ביזוואַנען מען האָט ניט איבערגעלאָדן די סכוירע. האָבן האַלב-הוילע מענטשן געאַרבעט אָן אָפרו, אונטער אַ שלאַקסרעגן און שאַרפן ווינט, זיי האָבן מיך געצווּנגען באַגייסטערט צו

פֿאַרשטיין, מיט וואָס פֿאַר אַ מעכטיקע קיכעס עס איז רייך די ערד".

אַזעלכע באַגייסטערטע פּאָעטישע ווערטער קענט איר געפֿינען בײַ מאַקסים גאָרקי די הונדערטער, מע וואָלט ווירקלעך געקענט צונויפֿשטעלן אַ גאַנצע כרעסטאָמאַטיע פֿון אַזעלכע פּאָעטישע הימנען דער אַרבעט.

און אין זינגען הארציקע לויבגעזאַנגען דער אַרבעט ווערט ער ניט מיד, דאָ איז ער אויסגעהאַלטן ביזן סאָף, דאָ מאַכט ער קיין שום אָפּנויגונג אין זיין גאַנצן לעבן.

און טאַקע דערפֿאַר, ווייל גאָרקי האָט ליב געהאַט די אַרבעט, די קאָלעקטיווע אַרבעט, ווייל דעם גאַנצן זין פֿון לעבן האָט ער געזען אין שטענדיקן בויען און שאַפֿן, האָט אים, באַגייסטערט אַפֿילע דאָס בויען פֿון דער בורזשואַזיע. ער האָט מיט זיין קינסטלערישן כוש דערפֿילט די קאָלאָסאַלע פּראָגרעסיווע באַדייטונג פֿון דער בורזשואַזיע אין איר ערשטן פעריאָד, ווען זי האָט איינע נאָך די אַנדערע געבויט שטעט, פֿאַבריקן, זאַוואָדן, האַפֿנס, טראַמוואַיען, עלעקטריע א. אז. וו. א. אז. וו.

מאַיאַקין אין „פֿאָמאַ גאָרדייעוו" איז דער פֿאָרשטייער פֿון דער יונגער רוסישער בורזשואַזיע׳ וואָס פֿילט זיך, אַז ער איז באַרופֿן צו בויען אַ נייע וועלט. דערדאָזיקער מאַיאַקין זאָגט איין מאָל אין אַ רעדע, ווייזנדיק אַף די שיפֿן, וואָס גייען אום איבער דער גרויסער און ברייטער וואָלגע—„דאָס האָבן מיר געמאַכט, מיר בויען דאָס לעבן".

פֿאַרשטייט זיך, אַז גאָרקי פֿילט, אַז דאָסדאָזיקע בויען איז גוט נאָר מיט איין זאַך, מיטן עצעם פֿאַקט, מיט די געשאַפֿענע רייכטימער, אָבער ניט מיטן טויך. און פֿאָמאַ גאָרדייעוו גיט אים באַלד דעם געהעריקן ענטפֿער: „ניט קיין לעבן האָט איר אויפֿגעבויט, נאָר אַ מיסטקאַסטן"...

אָבער דער עצעם פֿאַקט פֿון בויען אַ קולטור, פֿון אויפֿבויען שטעט און אינדוסטריעלע צענטרען, פֿון שאַפֿן רייכטימער פֿרייט גאָרקין, באַגייסטערט אים ביז די טיפֿסטע טיפֿענישן פֿון זיין פּילבאַרער פּראָלעטאַרישער נעשאָמע.

און טאַקע פֿון דערדאָזיקער פּראָלעטאַרישער אייגנשאַפֿט צו באַגייסטערן זיך פֿון איבערבויען אַ וועלט פֿון אַ גרויסער אייראָפּעישער (אין גוטן זין פֿון וואָרט) קולטור, קומט ארויס דאָס, וואָס גאָרקי האָט זיך פֿון זיינע ערשטע טעג שאַרף אָפּגעגרענעצט פֿון די „פֿאָלקיסטן". זייער גאַנצער אידעאַל פֿון פֿאָלקיסטישן סאָציאַליזם איז באַשטאַנען דערין, וואָס די מענטשהייט וועט זיך אומקערן צו דעם אוראַלטן אַרט לעבן, צו דעם שטיקעלע ערד און דער קליינער פּויערשער כאַטקע. גאָרקי האָט באַלד דערין דערפילט אַ שטיק רעאַקציע. ער האָט געקענט די דאָרף, ער האָט געוווסט די אָפּגעשטאַנענקייט און קאָנסערוואַטיווקייט פֿון פּויער און אים האָט גאָרניט געצויגן אַהין, צוריק, אין דאָרף אַריין. אים איז געווען פֿרעמד און דערווידער אָט דידאָזיקע טעאָריע, אים האָט געצויגן אין שטאָט, צו פֿיבערהאַפֿטע שאַפֿונג פֿון גרויסע קולטור-ווערטן און צו זיין אייניציקן באַגייסטערטן שעפֿער—צום פּראָלעטאַריאַט.

גאָרקי האָט אונדז געגעבן ניט נאָר דעם הימען פֿון אַרבעט, ער האָט אונדז אויך „אַנטפּלעקט" דעם אַרבעטמאַן און שפּעטער אין אַ גאַנצע ריי ווערק טאַקע דעם ארבעטער גופֿע.

אין יענער צייט איז דאָס ווירקלעך געווען אַן אַנטפּלעקונג, ווי טורגענעוו אין זיין צייט מיט זיין קליין ביכעלע „קסאָווים פֿון אַ יעגער" האָט פֿאַר רוסלאַנד אַנטפּלעקט דעם פּויער, ער האָט דערוויזן, אַז דער פּויער לעבט און דענקט, אַזוי האָט אויך גאָרקי מיט זיין באַגייסטערונג פֿאַר דעם נייעם שעפֿער פֿון אַ נייער וועלט, פֿאַר דעם אַרבעטער, אויך אַנטפּלעקט, אַז דער אַרבעטער און זיין לעבן איז טיף אָריגינעל, אַז ער האָט אַ נעשאָמע, אַז ער קען זיין ניט נאָר אַן אָביעקט פֿון עקספּלואָטאַציע. צו יענער צייט איז די פֿאָרשטעלונג וועגן אַן ארבעטער געווען, אז ער איז נאָר א באַשעפֿעניש, וואָס דאַרף האָרעווען און שיקערן. גאָרקי האָט דערוויזן, אז דער אַרבעטער איז טיפֿער און אינטערעסאַנטער—גראָד אין זיין פּאָשעטקייט—פֿאַר דער גאַנצענער געצאַצקעטער אינטעליגענץ. „פּאָשעטע ארבעטער—זאָגט גאָרקי אין „פֿאָמאַ גאָרדייעוו"—און וועלן אינמיטן דערינען אַ זאָג טאָן עפּעס אַזוינס, אַז איר וועט אייביק אזוינס ניט צוטראַכטן".

און מיט דערדאָזיקער טיף-קינסטלערישער אַנטפּלעקונג האָט גאָרקי דורכגעדרונגען אין דער דעמלטדיקער „געזעלשאַפֿט" די עקזיסטענץ-בארעכטיקונג פֿון די אַרבעטנדיקע עלעמענטן, פֿון דעם אַרבעטער אלס קלאַס, וואָס נאָר ער איז מעסוגל ווירקלעך אויפֿצובויען א נייע וועלט, ער איז מעסוגל צו שאַפֿן נייע און די איינציק באַרעכטיקטע קולטור.

און דורכדעם האָט גאָרקי געהאָלפֿן דער רעוואָלוציאָנערער יוגנט דורכדרינגען זיך מיט דער אַרבעטער-אידעאָלאָגיע און בעמיילע איבערשאַצן די אלטע ווערטן.

דאָס וואָרט „כאַווער", וואָס איז געווען דער אומלעגאַלער פּאַראָל פֿון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג, האָט גאָרקי לעגאַליזירט, האָט אים באַזונגען און האָט אים געגעבן זיין בירגערעכט.

באַזינגענדיק דעם אַרבעטער און דעם אַרבעטער-קלאַס, האָט ער אין דערזעלבער צייט אויך באַזונגען דעם קאַמף פֿון אַרבעטער-קלאַס. און דערדאָזיקער קאַמף און די באַגייסטערונג, וואָס ער האָט זיינע גאַנצע יאָרן געטראָגן פֿאַר דעם ארבעטער און זיין קאַמף, איז געוואָרן זיין פערזענלעכער טיפֿער און האַרציקער גלויבן.

אין יובילײ-נומער „פּראַוודאַ" שרייבט גאָרקי.

„דער רוסישער ארבעטער האָט זיך פֿאַרדינט ניט אַ נעבעכדיקע, קאַבצאָנישע שפּייז, ווי דאָס איז געווען פֿריער—ער האָט זיך פֿאַרדינט אַ מעלוכע. ער פֿילט, אַז ביסלעכווייז ווערט ער דער דער באַלעבאָס פֿון אַ גאַנצער לאַנד און דער פֿירער פֿון פּויערטום אָפּן וועג צו פֿרייהייט... באַלד וועט ער דאַרפֿן פֿאַרשטיין, אז אַרבעט שאַפֿט ניט נאָר מאַטעריעלע ווערטן, נאָר עטוואָס באַדייטנדיק גרעסערעס: די איבערצייגונג פֿון דעם מענטשן אין דער קראַפֿט פֿון זיין סייכל און אין זיין באַרוף צו באַקעמפֿן מיט זיין סייכלדיקן ווילן אַלערליי ווידערשטאַנדן. מיין פֿרייד און שטאָלצקייט איז—דער נייער רוסישער מענטש, דער בויער פֿון אַ נייער מעלוכע. איך דריק דיר שטאַרק דיין האַנט, כאַווערו".

אין דער אויסגעקעמפטער באַשיינפערלעכקייט פֿון פּראָלעטאַרישן ניצחון איבער דער גאַנצער וועלט האָט מאַקסים גאָרקי אַריינגעלייגט ניט קיין קליינעם חלק.

און דערפֿאַר איז אַזוי גרויס און האַרציק די באַגייסטערונג מיט זיין אומקערן זיך אין פּראָלעטאַרישן פֿאָטערלאַנד.

דערפֿאַר איז אַזאַ וואַרעמער צוטרוי מיצד פֿון דעם אַרבעטער-קלאַס און זיין אוואַנגאַרד—דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי צו מאַקסים גאָרקי, ווי עס קען נאָר זיין צו אַ האַרציקן כאַווער און מיטקעמפער, וואָס האָט אין אַלע צייטן, אַפֿילע אין די שווערסטע און פֿינצטערסטע געהאַלפֿן, געמונטערט און געוועקט, געגאַנגען אין פֿוס, געהאָלפֿן שלעפּן אויף זיך די גאַנצע שווערקייט פֿון קאַמף און ניצחון.

## קורצע ביאָגראַפֿישע דאַטעס פֿון מ. גאָרקיס לעבן.

מ. גאָרקין מוז מען איצט אין אַלע שולן און ליטקרייזן שטודירן. קעדיי כאָטש וויפֿל עס איז באַקענען זיך מיט זיין ביאָגראַפֿיע, איז נויטיק איבערצולייענען וויניקסטנס „קינדהייט", „צווישן מענטשן", „מיינע אוניווערזיטעטן" און אַנ. אייגנטלעך, ליגן צעוואָרפֿן טיילן פֿון זיין ביאָגראַפֿיע קימאַט אין אַלע זיינע ווערק.

מיר גיבן דאָ אייניקע קורצע ביאָגראַפֿישע דאַטעס און וויכטיקערע געשעענישן פֿון זיין לעבן.

אין 1868-טן יאָר, דעם 16-טן מאַרט איז געבוירן געוואָרן אין ניזשנע-נאָווגאָראָד אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש פּעשקאָוו (מ. גאָרקי).

אין 1870-טן יאָר פֿאָרט ער אַריבער מיט זיינע עלטערן קיין אַסטראַכאַן. דער פֿאָטער זיינער ווערט אַ פֿאַרוואַלטער פֿון אַ קאַנטאָר אין דער וואָלגער שיפֿס-געזעלשאַפֿט.

אין 1873-טן יאָר פֿאַרקרענקט מ. גאָרקי אויף כאָליערע. דער פֿאָטער זיינער, מאַקסים פּעשקאָוו, שטעקט זיך אָן פֿון אים און שטאַרבט. גאָרקיס באָבע פֿירט אַוועק דאָס קינד צוריק אין ניזשנע.

אין 1874 הויבט אָן דער זיידע צו לערנען מ. גאָרקין לייענען שרייבן. אין 1875 גיט מען אים אַוועק אין אַ שול. דאָרט שטעקט ער זיך אָן און ווערט קראַנק אויף פּאָקן.

אין 1877 שטאַרבט זיין מוטער פֿון שנעל-ווירקנדיקער שווינדזוכט, וואָס זי באַקומט נאָך דעם, ווי עס וואַרפֿט איר אַוועק דער צווייטער מאַן איר, דער סטודענט יע. מאַקסימאָוו.

אין 1878 גיט מען אַוועק מ. גאָרקין פֿאַר אַ שיק-יינגל אין אַ לעדערגעשעפֿט און שפּעטער פֿאַר אַ שילער צו אַ צייכענער.

אין 1884 שטאַרבט זיין שטיפֿפֿאָטער יע. מאַקסימאָוו פֿון שווינדזוכט. אין האַרבסט פֿון דעמזעלבן יאָר פֿאָרט מ. גאָרקי אַוועק אין קאַזאַן לערנען זיך, נאָר ער האָט ניט וואָס צו עסן און איז גענויט אַוועק אַפֿן וואָלגאַ צו די האַפֿנס און דאָרט לעבן ווי אַ באָסיאַק.

אין 1887 האָט זיך מ. גאָרקי געפּרוּווט שיסן און האָט זיך פֿאַרוווּנדעט אין ברוסט-קאַסטן.

פֿרילינג פֿון 1888 ווערט מ. גאָרקי צוגעצויגן צו רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. דער פּאָלקיסט מ. א. ראָמאַס עפֿנט אַ קליין קרעמעלע אין דאָרף קראַסנאָווידאָווע אויף דער וואָלגע, און דאָסדאָזיקע קרעמל ווערט אַ נעסט פֿון פּראָפּאַגאַנדע. גאָרקי ווערט אַריינגעצויגן אין דערדאָזיקער פּראָפּאַגאַנדע-אַרבעט.

דעם 12-טן אָקטיאַבר פֿון 1889 אַרעסטירט מען צום ערשטן מאָל מאַקסים גאָרקי אין ניזשנע און מע זעצט אים אַריין אין טפֿיסע. באַלד באַפֿרייט מען אים, אָבער אין די אויגן פֿון דער פּאָליציי איז ער שוין אַ פֿאַרדעכטיקטער.

אין דערזעלבער צייט ווערט מ. גאָרקי אין ניזשנע באַקאַנט מיט וו. ג. קאָראָלענקאָ און אַדוואָקאַט לאַנין, ביי וועמען ער קומט אָן אַלס שרייבער אין קאַנצעלאַריע.

אין 1891 גייט אַוועק מ. גאָרקי איבער רוסלאַנד צופֿוס. דעם 29 אַפּריל גייט גאָרקי אַרויס פֿון ניזשנע, גייט דורך ביז צאַריצין, שפּעטער מאַכט ער דורך גאַנץ דאָנער געגנט, אוקראַינע און בעסאַראַביע און קומט אין כערסאָנער גוב.

דעם 15-טן יולי קומט גאָרקי אָן אין דאָרף קאַנדיבאָווקע, כערסאָנער גוב. ער קומט אָן אַהין, ווען דער גאַנצער דאָרף האָט זיך אַרומגעקליבן און קוקט מיט אַ באַזונדער האַנאָע, ווי איינער פֿון די פּויערים שלאָגט זיין ווייב. ער פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ ווילדקייט. דער גאַנצער דאָרף וואַרפֿט זיך אַרויף אויף אים און שלאָגט אים מאַקעס רעצעך.

אין האַרבסט פֿון דעמזעלבן יאָר גייט ער דורך קרים און קאַווקאַז און קומט קיין טיפֿליס, וווּ ער באַקענט זיך מיטן פּאָלקיסט א. מ. קאַליוזשנע.

אין 1894 שטייט צו מ. גאָרקי אין טיפֿליס צו דער אַרבעטער באַוועגונג. דעם 12-טן סענטיאַבר דרוקט זיך אָפּ אין דער צייטונג „קאַווקאַז" נום. 242 זיין ערשטע דערציילונג „מאַקאַר טשודראַ". אין שפּעטיקן האַרבסט קומט גאָרקי צוריק אין ניזשנע, וווּ ער קומט אָן צוריק צו א. לאַנין און הויבט אָן ווידער צו אַריינצוקומען צו קאָראָלענקאָ.

אין די יאָרן 1892—93 דרוקט מ. גאָרקי אַ גאַנצע ריי דערציילונגען אין קאַזאַנער און ניזשנעגאָראָדער צייטונגען. אין דערזעלבער צייט (1893) דרוקט ער זיך צום ערשטן מאָל אין דער צייטונג „רוסקיע וויעדאָמאָסטי".

אין 1895 דרוקט מ. גאָרקי אָפּ דעם ערשטן מאָל אין אַ דיקן זשורנאַל „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ" זיין דערציילונג „טשעלקאַש". אין מאַי פֿון דעמזעלבן יאָר הויבט אָן מאַקסים גאָרקי מיטצואַרבעטן אַלס שטענדיקער מיטאַרבעטער אין „סאַמאַרסקאַיאַ גאַזעטאַ". דאָרט דרוקט ער אַ גאַנצע ריי פֿעליעטאָנען אונטערן פּסעוודאָנים יעגודיל כלאַמידע.

אין 1896 האָט גאָרקי חתונה מיט דער קאָרעקטאָרשע פֿון „סאַמ. גאַז." יעק. פּאַוו. וואָלאָזשינאַ. אין מאַי כוידעש פֿון זעלבן יאָר פֿאָרט גאָרקי ווידער אַריבער אין ניזשנע, וווּ ער ווערט אַ מיטאַרבעטער פֿון „ניזשעגאָראָדסקי ליסטאָק".

דעם 8 אָקטיאַבר ווערט מ. גאָרקי קראַנק אויף טובערקוליאָז. אין דעקאַבר פֿירט מען אים אָפּ אין קרים.

אין 1896—97 אַרבעטער מיט אין מאַרקסיסטישן זשורנאַל „נאָוואָיע סלאָוואָ" און דרוקט דאָרט אַ גאַנצע ריי דערציילונגען: „קאָנאָוואַלאָוו", „אומעט", „געוועזענע מענטשן".

אין 1898 אין מאַי מאָנאַט מאַכט מען אַן אונטערזוכונג בּאַ גאָרקין אין ניזשנע לויט דער פאָדערונג פון טיפליסער אָכראַנקע. מען אַרעסטירט אים און מע שיקט אים אָפּ אין טיפליס. דאָרט זיצט ער אין דעם באַרימטן „מעטעכס שלאָס". אין אַ מאָנאַט אַרום לאָזט מען אים אַרויס, ער פאָרט אַוועק אין פּאָלטאַווער גוב. און אָרדנט דאָרט איין אין דאָרף מאַנוילאָווקא אַ דאָרפישן טעאַטער.

אינמיטן יאָר גייען שוין אַרויס צוויי בענדער זיינע דערציילונגען.

אין 1899 וואוינט ער אין ניזשנע. דאָרט באַקענט ער זיך מיט ל. אַנדרייעוו, מיט שאַליאַפּינען. ער הויבט אָן צו שרייבן אין מאַרקסיסטישן זשורנאַל „זשיזן", וווּ ער דרוקט „וועגן טייוול", „פאָמאַ גאָרדייעוו", „זעקס און צוואַנציק און איינע".

אין 1901 קומט מ. גאָרקי אין פּעטערבורג. אין דער צייט איז גראָד פאָרגעקומען אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע פון סטודענטן, אַף וועלכער עס האָט זיך אַרופגעוואָרפן פּאָליציי און האָט די סטודענטן שטאַרק געשלאָגן. גאָרקי שרייבט אונטער דעם פּראָטעסט פון ליטעראַטן פאַריין.

אין דערזעלבער צייט דרוקט מ. גאָרקי זיין באַרימטע ליד וועגן „שטורעם-פויגל".

מ. גאָרקי ווערט אַלץ נעענטער צו דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וואָס גרופּירט זיך אַרום „איסקראַ", וואָס ווערט רעדאַגירט דורך וו. אי. לענין. אין אַפּרעל מאָנאַט פאָרט ער צוריק קיין ניזשנע. דאָרט אַרעסטירט מען אים און מע באַשולדיקט אים, אַז ער צוזאַמען מיט דעם שריפטשטעלער סקיטאַליעץ האָט אַרויסגעלאָזן אַף אַ מימיאָגראַף פּראָקלאַמאַציעס פאַר די סאָרמאַווער אַרבעטער.

אין מאַי באַפרייט מען אים, ווייל בּאַ אים דעקט זיך ווידער אויף אַ לונגען פּראָצעס. ער געפינט זיך אַ ווייַלע אונטער פּאָליציי-אויפזיכט און שפּעטער שיקט מען אים אַרויס אין ארזאמאס. אים ווערט דערלויבט איבערפאָרן אין יאַלטע. די ניזשנענאָווגאָראָדער כאַווירים אָרדענען אים איין אַ פייערלעכע באַגלייטונג.

אין 1901-1902 באַקענט זיך גאָרקי מיט ל. טאָלסטאָי אין שטעטעלע קאַספּראַ, יאַלטינער אויעזד.

דעם 25 פעוראַל פון 1902 קלייבט מען אויס מ. גאָרקי פאַר ערנמיטגליד פון דער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע. לויט אַ ספּעציעלן באַפעל פון קייסער ווערט ער אויסגעשלאָסן פון אַקאַדעמיע. אַלס פּראָטעסט טרעטן אַרויס פון דער אַקאַדעמיע קאָראָלענקאָ און טשעכאָוו.

אין מאַרט פון דעמזעלבן יאָר שטעלט מען צום ערשטן מאָל אין מאָסקווער קינסטלערישן טעאַטער זיין דראַמע „מעשטשאַניע". אין סענטיאַבר פאַרענדיקט ער „אָפּן דעק" און לייענט זי אין מאָסקווער קינסטלערישן טעאַטער, זי מאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק און ווערט איינשטימיק אָנגענומען. די צענזור דערלויבט ניט צושטעלן. מע מוז אויסמעקן אַ גאַנצע ריי סצענעס, ערטער, פראַזן. ענדלעך ווערט זי דעם 18-טן דעקאַבר געשטעלט און האָט אַ קאָלאָסאַלן דערפאָלג.

אין 1903-טן שרייבט אָן מ. גאָרקי זיין באַרימטן אַרטיקל קעגן קישעניאָווער פּאָגראָם אין זשורנאַל „אָסוואָבאָזשדעניע", וואָס ווערט רעדאַקטירט דורך סטרווע.

אין 1904-טן יאָר שטעלט מען אין קאָמיסאַרזשעווקאַס טעאַטער אין פּעטערבורג זיין באַרימטע פּיעסע „דאַטשניקי". דאָס איז אַ פּאַמפלעט אַף דער אינטעליגענץ, זי באַגעגנט די פּיעסע מיט אַ פייפעריי.

אין 1905-טן יאָר אין דער נאַכט פון 8-טן אַף 9 יאַנוואַר נעמט גאָרקי אָן אַנטייל אין דער דעלעגאַציע פון ליטעראַטן און געלערנטע, וואָס גייען צו די מיניסטאָרן סוויאַטאָפּאָלק-מירסקי און וויטע וועגן דער פּעטיציע פון גאַפּאָן און די אַרבעטער. נאָך די באַרימטע יאַנוואַר געשעענישן שטעלט מ. גאָרקי צונויף אַ באַריכט פון די געשעענישן. באַלד מוז ער אַוועקפאָרן פון לענינגראַד. ער אַנטלויפט קיין ריגע, וווּ בּאַ נעזלאָבינען אין טעאַטער שפּילט זיין פרוי, אַנדרייעוונאַ. באַלד אָבער ווערט ער אַרעסטירט. מע פאַרזעצט אים אין פּעטראָפּאַלאָווער פעסטונג. דאָרט שרייבט ער אויף זיין דראַמע „קינדער פון דער זון".

דער אַרעסט פון מ. גאָרקי האָט אויפגערודערט די וועלט. עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די צאַרישע רעגירונג וויל אים פאַרמישפּעטן צום טויט. אין די ליבעראַלע צייטונגען, מע רעט שוין ניט פון די סאָצ. דעמאָקראַטישע, פון גאַנץ אייראָפּע פליען זיין טאָג-טעגלעך גרויסע אָנשלאָגן איבער אַלע צייטונג-שפּאַלטן—ר אַטעוועט גאָרקין. אין מאַרט באַפרייט מען אים. ער מוז איבער זיין שוואַכן געזונט ווידער אָפּפאָרן אין יאַלטע. אין מאַי קומט ער צוריק און באַזעצט זיך אין פינליאַנד. עס הויבן זיך אָן צו שטאַרקן די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין לאַנד. מ. גאָרקי ברענט מיט דער רעוו. באַוו.

עס בּרעכן אויס די אָקטיאַבר-געשעענישן. די באָלשעוויקעס גיבן אַרויס אַ טעגלעכע צייטונג „נאָוואַיאַ זשיזן" (דער ערשטער נום. איז דערשינען דאָנערשטיק דעם 27 אָקטיאַבר). גאָרקי ווערט דער נאָענטסטער מיטאַרבעטער פון דערדאָזיקער צייטונג. ער נעמט אַף זיך די רעדאַקציע פון דער בעלעטריסטישער אָפּטיילונג.

אין יאַנוואַר 1906 יאָר פאָרט גאָרקי אַרויס קיין אויסלאַנד. ער באַזוכט בערלין, פּאַריזש און פאָרט אַוועק קיין ניו-יאָרק. דאָרט טרעט ער אַרויס מיט פּאָליטישע רעדעס, ער זאַמלט געלט פאַר דער פּאַרטיי.

דאָרט אַרבעט ער אַף זיין גרעסערער דערציילונג „די מוטער".

ער טרעט שאַרף אַרויס אין דער פּרעסע קעגן פראַנקרייך, וואָס זי גיט אַ האַלוואָע דער צאַרישער רעגירונג. אַדאַנק אַזעלכע פּאָליטישע אַרויסטרעטונגען קען ער שוין מער ניט אומקערן זיך צוריק קיין רוסלאַנד, ער באַזעצט זיך אין איטאַליע, אַפן אינדזל „קאַפּרי".

אין 1907 פאָרט גאָרקי אַלס דעלעגאַט מיט באַראַטונג-רעכט אַפן לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר פון דער סאָצ. דעמ. פּאַרטיי. דאָרט דערנעענטערט ער זיך מיט לענינען און פון דאַן אָן הויבן זיי זיך אָן דורכצושרייבן.

אין 1908-טן יאָר העלפט גאָרקי די באָלשעוויקעס צו עפענען אַ פּאַרטיי-שול אויפן אינדזל קאפּרי פאַר אַרבעטער, וואָס ווערן ספּעציעל קאָמאַנדירט פון רוסלאַנד. דאָרט ווערט איינגעאָרדנט אַ ספּעציעלער קורס פאַר ליטעראַטור, וועלכן עס לייענט גאָרקי.

זומער פון 1910 יאָר קומט לענין צו גאָרקין אויפן אינדזל קאפּרי.

פאַר די יאָרן 1909-1912 דרוקט אָפּ מ. גאָרקי אַ גאַנצע ריי גרעסערע דערציילונגען „זומער“, „דאָס שטעטל אקוראוו“. אין די יאָרן 1911-12 איז ער א שטענדיקער מיטאַרבעטער אין דער לעגאַלער באָלשעוויסטישער צייטונג „זוועזדאַ“. אין 1912 שרייבט גאָרקי אַן ערשטמאַישע פּראָקלאמאַציע פאַר די באָלשעוויקעס.

אין 1913 רעדאַגירט גאָרקי די בעלעטריסטישע אָפּטיילונג אין באָלשעוויסטישן זשורנאַל „פּראָסוועשטשעניע“. אַדאַנק דער אַמניסטיע קערט ער זיך אום צוריק אין רוסלאַנד. ער דרוקט אָפּ אין „רוסקאָיע סלאָוואָ“ זיין דערציילונג „קינדהייט“.

אין 1915 הויבט ער אָן ארויסצוגעבן דעם זשורנאַל „לעטאָפּיס“, דאָס איז געווען דער איינציקער זשורנאַל אין גאַנץ רוסלאַנד, וואָס האָט געקעמפט קעגן הורא-פּאַטריאָטיזם און מילכאָמע. דאָרט דרוקט ער זיין בארימטע דערציילונג „צווישן מענטשן“.

נאָך דער רעוואָלוציע פון 1917 גרינדעט ער אַ צייטונג „נאָוואַיאַ זשיזן“, וווּ ער דרוקט זיינע בארימטע פּעליעטאָנען אונטער אַן אַלגעמיינעם קעפּל „געדאַנקען ניט צו דער צייט“.

אין 1918 יאָר גרינדעט ער א קולטור-געזעלשאַפט „קולטור און פרייהייט“ און דעם פאַרלאַג „אלוועלטלעכע ליטעראַטור“.

אין 1920 יאָר שרייבט ער אן אין „קאמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל“ זיין בארימטן אַרטיקל וועגן לענינען.

אין 1922 מוז ער איבער זיין געזונט-צושטאַנד פאַרלאָזן רוסלאַנד.

אין 1923 דרוקט ער זיין דערציילונג „מיינע אוניווערסיטעטן“.

אין 1924 הויבט אָן אין מעלוכע פאַרלאַג ארויסצוגיין אַלע זיינע ווערק אין אַ באַזונדער אויסגאַבע.

---

# קריטיק און ביבליאָגראַפיע.

## ש. גאָדינער. „דער מענטש מיט דער ביקס“.

„דער מענטש מיט דער ביקס“ איז, אייגנטלעך, אַ מער צעוויקלטער לייוונט פון „טאָג אַנטקעגן“ *)—גאָדינערס ערשטן בוך, אַ מער צעוויקלטער אין פיל הינזיכטן: מיט מער פיגורן, מיט אַ גרעסערן צייט פעריאָד, מיט מערער לייב און לעבן. עס איז אַריבער די שרעק פאַרן מילכאָמע געשפענסט, ווען „אַלץ און אַלע—לויט גאָדינערס רייד—איז דאָ אָנגעשנורעוועט אַף איין דינסטן פעדימל:—אַ רעגעלע און עס רייסט זיך אָפּ“ („טאָג אַנטקעגן“ ז. 10). די הארמאטן האָבן אָפּגעדונערט. עס האָט זיך שוין אָפּגעקייקלט די צווייטע כוואַליע—די כוואַליע פון בירגער-קריג, עס גייען שוין קאַמפן גאָר אַף אַנדערע פראָנטן. „אַ לעבעדיקער מענטש פאַרלאַנגט אויך רו“,—האָט אין „טאָג אַנטקעגן“ געשריבן גאָדינער. אָט זיינען די יאָרן פון רו געקומען. און גאָדינער וועבט נאָך פון זיך אַלץ דעם פאָדים פון יענער פרעליודיע צום „אָקטיאַבר“, פון יענע פאַרלאָפענע אוואנגארד-קאמפן. עמעס, גאָדינערן האָבן זיך פאַר דער פאַרגאַנגענער צייט אויסגעוועבט ביטערע געפילן און טאַינעס צו דער וועלט („ערד האָט אַ הארץ, ערד יאָ, איך הער ווי זי קלאַפּט, און וועלט ניט... ניט...“—טאַינעס מיט ביטערקייט גאָדינער אין „טאָג אַנטקעגן“). דער שטעמפּל פון צאַר, וואָס ליגט אויפן ביכל „טאָג אנטקעגן“, איז אויך פאַר גאָדינערן אָפּגעבליאקעוועט געוואָרן, און דער גאַנצער ביכל איז געבליבן ניט מער ווי אַ מענטשלעכער דאָקומענט פון יענער בלוטיקער צייט...

נאָר סאַי ווי—„דער מענטש מיט דער ביקס“ איז געזעטיקט אין אַ גרויסער מאָס מיט דער טראַדיציע פון „איוואַנגאָראָד“ און „רינגען“, און אויך דאָ, אין זיין נייעם בוך, פרוווט גאָדינער, ווי אין „טאָג אנטקעגן“, „אַרויס פון פאַרשאָלטענעם רינג פון אונטערגייענדיקן שיף“, אַרויסגיין אַף אַ מער דיאַלעקטישן אויפן, איינפלעכטנדיק דעם סאָף פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע און די צופאַלונג פון דעם אַלטן צאַרישן רוסלאַנד, מיט די נייע קאמפן, מיט די פּאַרטיזאַנישע רויטגוואַרדעישע אָטריאַדן, מיט דער אָרגאַניזאַציע פון די באָלשעוויסטישע קרעפטן, קורץ—מיטן באַגינען פון „אָ ק ט י א ב ר“.

„דער מענטש מיט דער ביקס“ איז אַ פאַרברייטערטע איבערדיכטונג פון די מאָטיוון, וואָס זיינען באַרירט געוואָרן אין „טאָג אַנטקעגן“. אין „מענטש מיט דער ביקס“ איז גאָדינער פיל געזעטיקטער, ווי אין דעם פריערדיקן ווערק, דאָס בילד פון דער מילכאָמע-עפּאָכע איז דאָ פאַרטיפט און באַרייכערט.

* * *

„דער מענטש מיט דער ביקס“—וואָס ריקט אויס דער דאָזיקער פיגוראַלער נאָמען, מיט וועלכן ש. גאָדינער האָט געוויס ניט צופעליק באַטיטלט זיין נייעם בוך?

*) ש. גאָדינער „טאָג אַנטקעגן“. פאַרלאַג „קולטור ליגע“, מאָסקווע 1924.

די הויפּט-פֿיגור פֿון ראָמאַן—הערש קעסלער,—וואָס איז אַף דעם גאַנצן שעטעך פֿון בוך פֿאַרנומען מיט „פֿאַרטיפֿן די רעוואָלוציע", וואָס ווערט אָפּט געהיימניספֿול פֿאַרשוווּנדן, וואָס האָט ניט קיין פֿרייע צייט פֿאַר געמיטלעכער היימלעכקייט—אָט דערדאָזיקער הערש זאָגט אין אַ מינוט פֿון אָפֿנהערציקייט און באַזונדערער אויפֿגעלייגטקייט צו כאַווײרים—אין אויפֿגעלייגטקייט, וואָס טרעפֿט באַ אַזעלכע הערשס אָדער באַ גרויסער אינטימקייט אָדער אַפֿן שוועל פֿון טויט—הערש זאָגט דאַן אַזוי צו זיין כאַווער מאַטוויי:

„...אונדזער לעבן איז איצט שוידערלעך, דערפֿירט געוואָרן ביז איין פּונקט... ביז צום שפּיץ פֿון אַ נאָדל... ביז צום שאָס... מיר זיינען אַלע... מענטשן מיט ביקסן... קימאַט אָן הערצער... מענטשלעכע שיס-מאַשינעס..."

הערש פֿירט אונטער אַ כעשבן האַנעפֿעש און ער שוידערט פֿונם געדאַנק, וואָס דער לעבן איז דערפֿירט געוואָרן „ביז צום שאָס", וואָס מענטשן זיינען קימאַט אָן הערצער—„מענטשן מיט ביקסן", „מענטשלעכע שיס-מאַשינען". אָט דאָס זיינען די געציילטע שורעס, ווו גאָדינער אַליין פּרוּווט מיט די ליפּן פֿון זיין העלד דערקלערן די באַדייטונג פֿונם נאָמען פֿון בוך, אַזוי צו זאָגן, פֿאַנאַנדערשיפֿרירן דעמדאָזיקן סימוואָל.

אָבער אין דערדאָזיקער דערקלערונג קלינגען ווידערשפּרעכלעכע טענער, וואָס צוברעכן די גאַנצקייט פֿון בילד. הערש, דערזעלבער, וואָס פּערזאָניפֿיצירט אין בוך די אַקטיווע קראַפֿט פֿון דער רעוואָלוציע, איר אָרגאַניזירטן געזונטן יאָדער, דערזעלבער הערש דאַרף דערפֿילן אין דעם ביקס, וואָס די רעוואָלוציע האָט אים אין האַנט געגעבן, אַ געווער, וואָס קויפּלט זיין אייגענע קראַפֿט, אַן אַווטאָמאַט, וואָס קומט אים צו דינען, אַ ניי קאַמפֿמיטל, וואָס קרעפֿטיקט דעם זעלבסטלויבן און מאַכט העפֿטיקער קלאַפּן די בלוט אין די אָדערן. אָבער אין דעם אויבנציטירטן מאָנאָלאָג רעט הערש אַזוי, אַז איר באַקומט באַלד אַ קאַפּוירעדיקן איינדרוק סיי וועגן לעבעדיקן מענטשן, סיי וועגן טויטן ביקס: „מענטשלעכע שיס-מאַשינעס"—דאָ האָט דער ביקס באַהערשט דעם מענטשן און אים סכעמאַטיזירט—מאַשיניזירט, אַרויסגעיאָגט אים די נעשאָמע, און ניט דער מענטש האָט אַריינגעהויכט אָטעם אין דערדאָזיקער צעשטערנדיקער מאַשין, אַ שעפֿערישאָטעם. באַקומט איר דעריבער אַן איינדרוק, אַז „דער מענטש מיט דער ביקס" דריקט ניט אויס דעם באַוואָפֿנטן אַרבעטער און פּויער, נאָר דאַווקע דעם מענטשן, וואָס איז צום ביקס פֿאַרשקלאַפֿט געבליבן. צי איז עס אַזוי אינדערעמעסן געווען מיט די טויזנטער הערשס און מאַטווייס אינם אָנהויב פֿון די אָקטיאַברשלאַכטן? ניין—עס איז ניט אַזוי געווען.

אָבער אָט אַזוי קען מען פֿאַרשטיין דעם נאָמען און שוין אַזוי אַרום טיילווייז דעם גייסט פֿון בוך. עמעס, גאָדינער פּרוּווט דעמדאָזיקן געדאַנק פֿון זיין צענטראַלן העלד פֿאַרלייקענען. אין דעמזעלבן אויבנציטירטן דיאַלאָג זאָגט הערש: „איינער אַן אינטעליגענט האָט געזאָגט אַף מיר: „צוויי מענטשן אין איין הויט-זאַק". דידאָזיקע שורע גיט גאָדינער, מען דאַרף פֿאַרשטיין, קעדיי צו קאָמפּראָמיטירן אַפֿן אָרט זיין הויפּט-העלד, צו פֿאַרוואַרפֿן אַף אים אַ טשאַד: „צוויי מענטשן אין איין הויט-זאַק"—ס'הייסט, אַז הערש איז געשפּאָלטן, אין אים איז ניטאָ קיין גאַנצקייט, אין אים לעבן ווידערשפּרוכן,—קען שוין אויך, דעריבער, זיין באַציונג צום ביקס אויך זיין אַ טאָפּלע און ווידערשפּרעכיקע. אַזוי פֿרעגט אָפּ גאָדינער זיין אייגענעם פּאָזיציון העלד אין דער סאַמע צענטראַלער פּראָבלעם פֿון בוך. גאָדינער זעצט דאָ אַראָפּ הערשן אַף אייניקע שטאַפּלען נידעריקער, אָבער נאָך ערגער איז, וואָס דערדאָזיקער אָפּפֿרעגן פֿאַלט ניט צונויף מיט דער גאַנצער כאַראַקטעריסטיק, וואָס הערש באַקומט אין בוך—עס פֿאַלט ניט צונויף מיט הערשן, דעם אַטאַמאַן פֿון רויטע פּאַרטיזאַנער.

האָט גאָדינער, אַזוי אַרום, פֿאַרסכעמאַטיזירט און אָפּגעטויט דעם „מענטש מיטן ביקס", אים אויסגעשיילט די לעבעדיקע נעשאָמע.

ווייזט זיך דעריבער אַרויס, אַז אין גאָדינערס „הויט-זאַק" קעמפֿן צוויי מענטשן. גאָדינער גיט די דעמאָביליזאַציע, דעם סכום פֿוילונג און צעשטערונג-פּראָצעסן, וואָס די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע האָט מיט זיך געבראַכט. אַלע פֿיגורן פֿון בוך—די מישפּאָכע פֿון ייִד דאָוויד, די מישפּאָכע מאַנדל, ראָזענפֿעלד, אַפֿילע הערש—דאַרפֿן דערהויפּט שילדערן „דעם סאָף". אָבער גאָדינער וואַרפֿט אויך אָן—עמעס סכעמאַטיש—שטריכן פֿון דעם נייעם אָנהויב, פֿון דער אָקטיאַבר-רעוואָלוציע. קעמפֿן צווישן זיך פֿאַר עקזיסטענץ דידאָזיקע צוויי גרונט-מאָטיוון. און אין דעמדאָזיקן קאַמף, דאַרף מען זאָגן, זיגט דאָס ערשטע. די נייע געשטאַלטן—הערש, אָקון, דינע, און אַנדערע—זיינען סכעמאַטיש, ניט אויסגעוואַקסן אין קינסטלערישע געשטאַלטן, ניט אָנגעטאָן אין בלוט און פֿלייש.

גאָדינער האָט מיטלען צו שילדערן די אַלטע טאָמער, אַ מין, ווי ראָזענפֿעלד, ווי מאַנדלס מישפּאָכע מיט אַלע אירע קראַנקע, געשטאָרבענע, דערטרונקענע, דאָס הייסט מיט דער גאַנצער מאַסע פֿון אַלטע רעשטלעך. זיי אַלע גיבן זיך אונטער גאָדינערס פּען אַזוי, אַז אָפּט האָט ער ניט נויטיק אין דער שילדערונג צו באַנוצן סטיליזאַציע און באַגייט זיך פֿון צייט צו צייט מיט לעבעדיקע, רעאַליסטישע שטריכן. אָבער ווען עס קומט אויס פֿאַר הויבן אַ ברעג פֿאָרהאַנג פֿון דער אָנוואַקסנדיקער רעוואָלוציע, באַנוגנט זיך גאָדינער מיט כראָניק-באַשרייבונגען אַף גאַנצע זייטלעך (זייטן 105-106, דער גאַנצער קאַפּיטל „ברין און רויט" 128-137), און ריידן רעט שוין דאָ גאָדינער ווי זיין העלד אָקון „שטיל און מעטאָדיש, קימאַט אָן אינטאָנאַציע"... וועגן אָנוואַקסנדיקער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ווערט גאָר דערציילט — ע ר ג ע צ ו ו ו קומט עס פֿאָר, אָבער נעבלדיק און אומבאַוווּסט ווו און ווי אַ ז ו י.

* * *

„אין דער רו אַריין"—אַזוי הייסט דער צווייטער טייל פֿונם בוך. אַזוי וואָלט, אייגנטלעך, געדאַרפֿט הייסן דער גאַנצער בוך. דערדאָזיקער נאָמען וואָלט מער באַרעכטיקט געווען ווי דער טיטל „דער מענטש מיט דער ביקס". וואָרעם „אין דער רו אַריין" גייען באַ גאָדינערן אַסאַך: די אַלטע טאָמער, וואָס גייט אַוועק פֿון דער וועלט: די גאַנצע מישפּאָכע מאַנדל (זע קאַפּיטל 3 „דער סאָף

פון דער מישפּאָכע מאנדל"*), וואָס ווערט צוריבן „אין די פאַלדן" פון מילכאָמע; בזשאָזעק—דער דורכשניטלעכער פויער, וואָס לויפט אַהיים פון פראָנט. און נעמט מיט זיך „קאָנטריבוציע" אַ קאַסטן קאַזיאָנע גאָלד און כפייצים—לוין פאַר די מילכאָמע-יאָרן; ראָזענפעלד—דערדאָזיקער מענשעוויק, וואָס זיינע געדאַנקען פליען שוין אין די „אייראָפּעס" א.א.וו. א.א.וו. מען גייט „אין דער רו אַריין", מען רייסט די פענטע פון מילכאָמע — „דעם קישעפדיקן רינג"—דאָס איז די רעאַקציע נאָך דער מילכאמע, די אַנמעכטיקע רעאַקציע, דער סטיכישער קריזיס. און נאָר הערש מיט זיין הייפל כאַוויירים—מאַטוויי, אָקון, וואַסוטקע און אַנדערע זיינען דאָס די, וואָס דאַרפן אָרגאַניזירן די סטיכיע, אריינטראָגן אין איר אָרדענונג, באַזיניקן דעם צוריקמאַרש, ברענגען די מאַסן אין צושטאַנד פון אַקטיווקייט, ווייל אין זיי, אָט אין דער גרופּע, לעבט שוין אַ נייער ציל—דער גייסט פון אָנקומענדיקן אָקטיאַבר.

אָבער דאָס לעצטע—דער גייסט פון אָקטיאַבר—איז נאָך אינם דאָזיקן בוך גאָדינערס ניטאָ... עס איז נאָך טאָג-אַנטקעגן, אָבער ער האָט נאָך ניט אויפגעשיינט. און דעריבער איז „דער מענטש מיט דער ביקס" דערהויפּט אַן עכאָ פון דעמאָביליזאַציע—צופאַלונג און נאָר אַ שוואכער רעמז אַפן אָנוואַקסנדיקן אָקטיאַבר. און טאַקע דערפאַר ווערן איבער אינם בוך די פאַציפיסטישע מאָטיוון, קעגן די מאָטיוון רעוואָלוציאָנערע. דאָ ציט גאָדינער—ווי שוין אויבן געזאָגט—דעריקער דעם שניִרל פון זיין „טאָג-אנטקעגן".

* * *

גאָדינער איז אין זיין קינסטלערישן שאַפן פונקט דער הייפעך פון דעם שטייגער-רעאַליסט. אויב דער לעצטער זוכט הויפנס לעבן-מאטעריאַל, יאָגט זיך נאָך שטריכן און שטריכעלעך, פאָטאָגראַפירט און קאָפּירט, וואַרפט עס גאָדינער אָפּ. אים זיינען לאַכלוטן איבעריק אָט די „קלייניקייטן" פון אלטעגלעכקייט, ער האָט אויך ניט נויטיק דאַווקע קיין לעבעדיקע רעאַליסטישע פיגורן. באַ גאָדינערן זיינען מענטשן און זאַכן דערהויבן ביז סימוואָל, דערהויבן און גלייכצייטיק... דערנידעריקט, ווייל זיי פאַרלירן דעם מענטשלעכן געשטאַלט, לאָזן אויס דעם אָטעם באַם סטיליזירט ווערן. גאָדינער סטיליזירט מיט קראַפט, מיט גרויס פלייס און געשמאַק, מיט אייגנאַרטיקע מעטאָדן, אָריגינעל צוקלייבנדיק זיינע ליטעראַרישע אטריבוטן. די אַלטע געשוואָלענע טאָמער איז באַ גאָדינערן ניט סטאָם אַ יידענע—זי האָט איר אייגענעם סטיל, און אַז זי דערציילט וועגן מאָשיעכן, וועגן אירע אָוועס, וואָס שטאַמען פון שאַבסי צווי, ווען זי טוט אָן די „טונקעלע קלייד מיט די גרינע בינען"—וואַקסט פאַר אייך אויס א קינסטלערישע פיגור. וויל גאָדינער, שאַפט ער א קינסטלערישע גרופּע. לייענט לעמאָשל דעמדאָזיקן אויסצוג:

„— וואָיל,—גאָר וואָיל!—האָט דער ייד אויסגעשריען—נעם דינע לעבן, די פידל, שפּיל א קאַבאָלעס פּאָנים דעם הייליקן שאַבעס!... מאָשיעך קומט בימהיירא וועיאָמיינו!...

דינע האָט די פידל גענומען, די סטרונעס אָנגעצויגן, אויסגעפּרוווט, א קורצן הארבן ברום פון דער באַסאָווער סטרונע אָראָפּגעריסן, און די אַלטע האָט זיך ברייט מיט איר געשוואָלן לייב אין אַ פאָטער-שטול אנידערגעזעצט. דער ייד האָט ברייטער נאָך—ווי א מעשונעדיקער פּאַזש אין א קיילעכדיקן יאַרמאלקע און פאַרדרייטע פּייעס, אין קורצע הויזן מיט באָרוועסע פיס, מיט אַ שטיק טאַלעסקאָטן דרויסן און מיט אַן אָפענעם מויל פון וואונדער און פון פרייד,—ברייטער נאָך האָט ער זיין ווייב אפן שטול אויסגערימט, די קלייד אף די אָנלען-ווענטלעך פון שטול צעשפּרייט, אַ בענקעלע איר אונטער די פיס אונטערגעשטעלט און איז פלינק אַראָפּגעשפּרונגען אַף הינטן, פון דערווייטנס אַקוק געטאָן, ווי זעט דאָס אויס זיין יידינע אין איר טונקעלן קלייד מיט די גרינע בינען, ווי זעט דאָס אויס אַפן אַלטן פאָטער-שטול אין פריִען מיטן טאָג, ערעוו שאַבעס אָט אָט פאַר מאָשיאַכס אָנקומען...

און דינע האָט אַף דער פידל געשפּילט, צאַרט פאַרטיפט..."**)

אַ קינסטלעריש אידילישן בילד. אָבער... אָבער וואָס איז דאָס אין מיטן דערין פאַר אַ יידינישער מאשיעכיזם, וואָס איז דאָס פאַר אַ מין מיסטעריע ערעוו דעם הייליקן שאַבעס, ערעוו מאָשיאַכס קומען, אונטערן קלאַנג פון דער יונגער דינעס פידל? „דער מענטש מיט דער ביקס" איז אויך אַ סימוואָל, אָבער פאַר אונדז אַן אנעמבאַרער, וואָס זשע אָבער פאַר אַ סימוואָל איז פאַר אונדז די יידענע, וואָס זאָגט נעוויעס, וואָס פאַר אַ שאיכעס האָט עס צו די גרונט-פיגורן פון בוך—צו די „ביקס-מענטשן", וואָס האָט צו דער אַלגעמיינער ראַם פון בוך דער מיסטישער פאַרגעפיל אין עפּעס אַ מאָשיאַך אלא שאַבסי צווי? צו וואָס דאַרף דינע—דיזעלבע דינע, וואָס ווערט אין די לעצטע קאַפּיטלען פון בוך געשילדערט ווערן מיט שטריכן פון דער נייער אקטיוויזירטער פרוי—צו וואָס דאַרף זי איינגעוועבט ווערן אַזוי אָרגאַניש אין דער מישפּאָכישער מאָשיאַך-מיסטעריע?..

אָבער גראָד אין דידאָזיקע קאַפּיטלען און שטיקער, ווו גאָדינער נעמט אין קאָן „די אַלטע", גראָד אַרום די פיגורן פון דעם ייד דאָווידס מישפּאָכע, האָט ער אַרויסגעוויזן גרויס קראַפט. דערדאָזיקער „אָפּגעזעצטער" און אָפגעטויטער שיכט האָט שטאַרק סטימולירט גאָדינערס קינסטלערישע אימפּולסן. די מענטשן זיינען אויך דאָ סטיליזירט, אויך דאָ דוכט זיך אָפט, אַז דו זעסט ניט פאַר זיך קיין לעבעדיקע טיפּן, נאָר פיין אויסגעטרוימטע מענטשן—לאַלקעס, וואָס פאָלגן דעם ראָצן פון זייער באַשעפער. אָבער זיי זיינען פיין געשניצט!

נאָך איין גרויסע מאַילע איז באַם שילדערן דידאָזיקע אָפּגייענדיקע פיגורן פאַראַן באַ גאָדינערן: דער גייסט און סטיל איז באַם שילדערן דידאָזיקע טיפּן, דידאָזיקע סוויווע, אַ באַרעכטיקטער, אַנדערש איז שוין מיט די איבעריקע טיפּן, מיט די „ביקס-מענטשן" טאַקע. דאָרטן איז די סטיליזאַציע אַ געקינצלטע, ניט קיין איבערצייגנדיקע. מענטשן זיינען דאָ געצייכנט בלייך, אידייעס זיינען אַבסטראַקט און טרוקן, שרעקלעך צוגעטראַכטע. אין דער צייט ווען אַפילע די שטומע לעבט באַ גאָדינערן, זיינען אָבער אַזעלכע טיפּן, ווי הערש ניט זייכע געווען באַהויכט צו ווערן מיט לעבעדיקן אָטעם, אויסצוואַקסן ביז פאַר-

*) זייט 20.

גאַנצטע קינסטלערישע פיגורן. הערשן צו שילדערן סטאַיעט ניט קיין „פּאָרים“ גאָדינערן, מוז ער וועגן אים געבן גאַנצע 3 זייטלעך כראָניק (42-44), אָנשרייבן, אַזוי צו זאָגן זיין אַנקעטע. דערוויסן מיר זיך, אַז הערש איז אַן אַרבעטער, געזעסן אין טפיסע און,—גלייכצייטיק—אַן אינטעליגענט, אַ ליבהאָבער פון מוזיק, אַפילע מיט געניאַלע טאַלאַנטן פאַר קונסט. איז

„דערדאָזיקער יונג אין 1916 יאָר צו די באָלשעוויקעס געקומען און געמאָלדן:

ווער בין איך? אַן אַרבעטער... אַ וואַרשעווער אַרבעטער... און איצט אַ מענטש מיט אַ ביקס... אַף דער בירושע, אַף דער דזיקע, בין איך געוועז און ווייס וואָס אַרבעטער באַדאַרפן. וואָס באַדאַרפט איר איצטער, די מינוט?... — — —“

אַזוי דערציילט גאָדינער וועגן הערשס צוגשטיין צו די באָלשעוויקעס און אַזוי רייסט ער אָפּ דעמדאָזיקן פּאָדים. דאָס איז הערש? ניט איבערצייגנדיק!—

הערשן ווערט ביכלאַל אָפּגעגעבן ווייניק אָרט, דאָסזעלבע—זיינע כאַווירים, די באָלשעוויקעס און פּאַרטיזאַנער; דער גרעסטער טייל פון יעדער קאַפּיטל אין בוך איז געווידמעט דעם ייִד דאָוויד, זיין מישפּאָכע און דער מישפּאָכע מאנדל, עס דוכט זיך אויס, אַז פון הערשן סטאַרעט זיך גאָדינער באַפרייען, אָפּשיקן אים ערגעצוו, דערציילן וועגן אים, אנשטאָט ווייזן, אנשטאָט פּאָרטרעטירן אָדער שילדערן און געבן אים האנדלונג.

די דיאַלאָגן און מאָנאָלאָגן פון דערדאָזיקער ריי פּאָזיטיווע, צום לעבן גייענדיקע טיפּן זיינען צוגעטראַכטע, אינטעליגענטישע סטיליזירטע אונטער פאָלקסטימלעכקייט. הערש מיט זיינע כאַווירים, „דידאָזיקע 4 מענטשן, וואָס האָבן גענומען אַף זיך די אומגעהויער שווערע און אומדערטרעגלעכע מאַסע צו שלעפּן ציגל, ליים, זאַמד און מענטשלעך בלוט צו א נייעם ביניען“—זיינען בא גאָדינערן אָפּגעריסן פון עפּעס אַ ברייטער וועלט, פון דעם רעוואָלוציע-קואַל, זיי זיינען אָפּגעשלאָסן אין ענגע גרענעצן, האנדלען אַליין, אַף אייגענע אַכראַיעס. קעדיי עטוואָס פאַרטיפערן די רעוואָלוציאָנערע פּערספּעקטיוו פון בוך, לאָזט זיך גאָדינער אָפּן גליטשיקן וועג פון קינאָרעמאַנישקייט—נאָר אזוי קען מען אָנרופן דעם קאַפּיטל „לאָרד קיפּאַרידזע“,—וואָס פאַלט שוין לאַכלוטן ניט צונויף מיט גאָדינערס סטיל. קיין גרויסע רעזולטאַטן באַקומט טאַקע גאָדינער ניט פון דערדאָזיקער „עקסקורסיע“: דער בוך ווערט דערפון ניט באַרייכערט, וואָרעם וועמען קען דאָס איצט עפּעס זאָגן א מאַיסע וועגן דעם, ווי מען האָט „נייטראַליזירט“ א לאָרד קיפּאַרידזע?...

* * *

בא גאָדינערן טראָגט דער בוך דעם טיטל ראָמאַן. אויב די פאַרהעלטענישמעסיקע היפּשע צאָל בויגנס, וואָס דער בוך פאַרמאָגט, באַרעכטיקט פון קוואַנטיטאַטיוון שטאַנדפּונקט דעמדאָזיקן טיטל, קען מען עס אָבער ניט זאָגן גענוג קאַטעגאָריש בענוגייע דעם סיזשעט און אַפילע דער פאַבל. מיר זיינען געוואוינט צו זען אין אַ ראָמאַן דעם אָנוווקס פון פּראָבלעמען, וואָס האָבן א געוויסן קאָנצענטריר-פּונקט, פונוואַנען זיי ציען און וווהין זיי לויפן, באַשטימטע קאַליזיעס, אַן אָנוואַקסנדיקן דראמאטישן קאָנפליקט. אין „מענטש מיט דער ביקס“ איז עס פאַראַן נאָר אין עמבריאָן, עס איז אפילע שווער איבערצוגעבן דעם אינהאלט פון בוך—אזוי ווייניק בויט גאָדינער אַף סיזשעט און סיפּער האמאיסע. און דעריבער איז ער אָפּט זייער גענייגט צו דערציילן—ניט לאָזן זיינע העלדן זיך באַווייזן אין האַנדלונג, ניט ארויסווייזן זיי אין דיאַלאָג—נאָר דערציילן וועגן זיי. און טאָמער פעלט קינסטלערישע באַרעכטיקונגען פאַר דאָס געשילדערטע, פילט עס גאָדינער און פּרווט עס פאַריכטן מיט אריינשטעלן שטיקער און פאַרלאַטעווען. אזאַ אומדאַנקבארע ראָל פון אַריינגעשטעלטן שטיק פילט אויס דער קאַפּיטל „דער סאָף פון דער מישפּאָכע מאנדל“ (זייט 76—100), וועלכער האָט אויסגעצייכנט קינסטלערישע ערטער,—דעריקער די שילדערונג וועגן דער שטומער—אָבער וועלכע איז אין גרונט גענומען אַ מין אריינגעשטעלטע „מאַיסע אין א מאַיסע“, אַ קאַפּיטל, וואָס דאַרף געבן דעם שוואַרצן סאָף פון דער אינטעליגענטישער „מישפּאָכע מאנדל“, וועלכער פילט עס אָבער אויס אָן אָרגאַנישער פאַרבינדונג מיטן איקער פון בוך.

אין סאַכאַקל פאַרמאָגט דער בוך גאַנצע דריי פּאַראַלעלע סיזשעטן: דער סאָף פון דער מישפּאָכע מאַנדל, וואָס פון איר וואָרצלט זיך אָפּ א געזונטער (?) צווייג: „אַלס האַרטער זוים פון צופוילטן עפּל“ בלייבט נאָך די שטומע, וועלכע גייט אוועק צו די פּאַרטיזאַנער; דער סאָף פון דעם ייִד דאָווידס מישפּאָכע, וואָס די אלטע איז אים געשטאָרבן און וואָס אליין האָט ער אויך „אומקום דערפילט“, אָבער וועלכער רייסט זיך אָפּ פון זיין שטעטל און מיט דער טאָכטער דינען גייט ער אויך אוועק מיט דער אָפּטרעטנדיקער אַרמיי; און ענדלעך, הערשס וועג, וועלכער הויבט זיך אָן פון דעמאָביליזאַציע-מארש און ענדיקט זיך מיט א ציִלבאַוווסטן שטערבן „אַף פאַריייניקן זיך מיט דער יונגער, נאָר וואָס געבוירענער ערשטער רויטגוואַרדעישער דיוויזיע“. אָט דאָס זיינען דריי באַזונדערע סיזשעטן, און אין בוך בא גאָדינערן אַנטוויקלען זיי זיך קימאַט זעלבסטשטענדיק, מער ניט אין שלוס פון בוך גייען זיך דידאָזיקע פּאַראַלעלע ליניעס מער ווייניקער צונויף. דערדאָזיקער צונויפגיין זיך איז מער ראַציאָנאַליסטיש, ווי קינסטלעריש. גאָדינער האָט געוואָלט באַווייזן, ווי אזוי די ירעשטלעך פון אַלטן דאָר און פון פאַרפוילטע סאָציאַלע שיכטן וואַקסן אריין אין נייעם אָנקומענדיקן לעבן. האָט ער עס געטאָן, און דעריבער פאַרקניפּט מיט הערשס גוירל—אַ גוירל, וואָס איז נאַטירלעך—מער ווייניקער צונויפגעפאַלן מיט דער אָקטיאבר-רעוואָלוציע און איר רויטער גוואַרדיע,—אָט מיט דעמדאָזיקן גוירל פון הערש האָט גאָדינער פאַרקניפּט דעם גוירל פון דער שטומער, פון דעם ייִד דאָוויד און דער יונגער עקסצענטרישער דינען. אָבער קיין קינסטלערישע באַרעכטיקונג פאַר אזא מין צונויפפאָרונג האָט גאָדינער ניט געגעבן: די שטומע, דער ייִד דאָוויד און אפילע דינע, וואָלטן ניכער לויט גאָדינערס שילדערונג געדאַרפט גיין אין דעמזעלבן מיסטקאסטן פון לעבן, אין דעמזעלבן רו אריין, וווהין עס איז אוועק די אַלטע לעבעדיק-טויטע טאָמער. ניט זיי קענען אָבער בילדן אַפילע

דעם אריערגארד פֿון די הערשס און אָקונס. און אז גאָדינער פֿאַרקירעוועט זיי דאַווקע אַפֿן וועג פֿון פֿאָרויסשריט, פֿון טכיעס האַמייסים, באַגייט ער דאָ א גוואַלדטאַט איבער זיין אייגענער קינסטלערישער אופֿגאַבע.

* * *

גאָדינער איז ניט קיין כאמע לעאָן—בייטן דעם פֿאַרב אַף דער פּאָליטרע איז ניט זיין אייגנשאַפֿט. באַגיין אַ גוואַלדטאַט איבער זיך איז ניט אין זיין נאַטור. באַקומט זיך דעריבער באַ אים אַ ווידערשפרוך אין שרייבן, אינם מאַטעריאַל, אין אויסוואַל פֿון דער פֿאָרם, דאַן, ווען צוויי סטיכיעס דריקן אַף אים אָן און קעמפֿן צווישן זיך פֿאַרן עקזיסטענץ. אזוי, לעמאָשל, געברויכט גאָדינער אין דעם „מענטש מיט דער ביקס" זיין אלטן „געהויבענעם סטיל" מיט די צענדליקער „און" און געציילטע שורעס (זייט 21, 28 און אנדערע). אָבער קוים קומט ער צו אַ קאַפּיטל, ווו עס איז שוין ניטאָ די אַלטע טאָמער מיט איר מאָשיעכיזם, ווו דעם שרייבער גיט זיך איין באַפֿרייען פֿון דער אסאָציאַציע מיט דידראָזיקע טיפּן, ווערט גאָדינערס סטיל פּאָשעטער, דער ריטם העפֿטיקער און דער וואָרט-מאַטעריאַל וויניקער בוימלדיק („מיט אַנעקסיע און קאָנטריבוציע", „דער מענטש מיט דער האַרץ-אַנאָמאַליע" און נאָך פֿיל אַנדערע קאַפּיטלען).

די ערשטע אָנלאָדונג, וואָס גאָדינער האָט באַקומען פֿון סימוואָליזם און וואָס לאָזט זיך אַזוי שטאַרק פֿילן איז זיין „טאָג אנטקעגן", זיצט נאָך אין אים פֿעסט—צו שווערוואָגיק איז גאָדינער, קעדיי באַפֿרייען זיך אַזוי גיך פֿון דערדאָזיקער אינערציע. און דער פֿאַרנעמען זיך גאָדינערס אַף נייע וועגן, וואָס דאַרף באַדייטן ניט נאָר נייע טעמאטיק, נאָר אויך אַנדערע פֿאָרמען, אַן אַנדער טעכניק און נייער וואָרט-מאַטעריאַל,—דערדאָזיקער נייער שריט, וואָס איז בלי סאָפֿעק געמאַכט אין דעם בוך „דער מענטש מיט דער ביקס", קומט פֿאָר מיט גרויס אָנשטרענגונג. דער סימוואָליזם שלעפּט גאָדינערן צו דאָס אַלטע. אין „מענטש מיט דער ביקס" איז צופֿיל אָפּגעגעבן געוואָרן קינסטלערישע קראַפֿט דער יידענע, וואָס פּריידיקט מאָשיעכיזם—באַקומט זיך ראָמאנטיזירונג פֿון דאָס אלטע; דאָס נייע, ווידער, איז קוים געצייכנט, ניט פֿון דער טיף געגומען. דאָס נייע אין „דעם מענטש מיט דער ביקס" איז נאָר אַ ביישטייער פֿון שרייבערס באַוווסטזיין און ניט פֿון זיין קינסטלערישן וועזן.

* * *

די רעזיומע:

1. פֿון צוויי אידייע-רינגען, וואָס האָבן געזאָלט לויטן פֿאַרטראַכט פֿון שרייבער קינסטלעריש פֿאַרשמאָלצן ווערן—דער „סאָף פֿון מילכאָמע און דער אָנהויב פֿון די נייע רעוואָלוציע-שלאַכטן—פֿון דידאָזיקע צוויי רינגען איז נאָר איינער ארויס גוט געשניצט און בולעט אויסגעפֿורמט. דאָס איז די דעמאָביליזאַציע, דער וועג „אין רו". גאָדינערן האָט זיך נאָך דערווייל ניט איינגעגעבן ווייזן, ווי אזוי דער „פֿוילער עפּל" (ד. ה. דאָס אַלטע רוסלאַנד פֿון דער עפּאָכע פֿון אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע.—ש.) איז צופֿאלן געוואָרן, און די הארטע זוימען זיינען איצט פֿאַרזייט דאָ אַף א נייעם אַנדערשריקן וווקס". די אנטיטעזע—דער „נייער אַנדערשדיקער וווקס"—וואָס וואָלט אונדז גראדע פֿאַרכאַפּט איז ניט געגעבן, און דעריבער איז דער סינטעז פֿון בוך ניט גענוג בולעט.

2. פֿון דעם דרינגט שוין ארויס דאָס, וואָס אין בוך קעמפֿן פֿאַרן עקזיסטענץ צוויי רייען טיפּן און וואָס די טיפּן פֿון פּאַסיוון מין זיינען בולעטער ווי די אקטיוו-שעפֿערישע (הערש, אָקון, א. א. וו.) די ערשטע זיינען מיט מער זאַפֿט און קאָלאָריט געגעבן ווי די לעצטע.

3. פֿון פֿאָרמעל-קינסטלערישן שטאנדפונקט האָבן מיר דאָ פֿאַר זיך אַ וויכטיקע דערשיינונג אין אונדזער ליטעראַטור, אַן אָנהויב (איינער פֿון די אָנהויבן פֿאַר דער לעצטער צייט) פֿון א גרויסן ליוונט, מיט אַ גאַנצער גאלעריי-טיפּן און צעוויקלטע געשעענישן. גאָדינער האָט אין „דעם מענטש מיט דער ביקס" געמאַכט שריט פֿאָרויס צו רעאַליסטישער שילדערונג, כאָטש דער סימוואָליזם און די טרוקענע אַבסטראקטע באַנעמונג האָט זיך שטאַרק אָפּגעשטעמפּלט אויך דאָ.

4. די פּראָבלעמען אין בוך, דער פּעריאָד (ערעוו-אָקטיאבר), וועלכער ווערט גענומען, זיינען פּערספּעקטיווע. זיי באַצייכענען מערער אַן עטאַפּ פֿון דעם שרייבער. באַ גאָדינערן שפּילט מעז נאָך „צוריקמארש" פֿון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, און באַ אונדז?—באַ אונדז זיינען שוין רייף געוואָרן טויזנט אנדערע פּראָבלעמען—ברענענדיקע, ווייטיקדיקע פּראָבלעמען, וואָס פֿאָדערן אַן ענטפֿער, וואָס בעטן זיך אַפֿן פּענדזל פֿון קינסטלער. די אלגעמיינע ליטעראטור שטעלט שוין פּראָבלעמען פֿון בויונג, פֿון נייע מענטשן, פֿון קאמף פֿאַר א נייער קולטור. אָבער אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור פּרעסט נאָך די רעטראָספּעקטיווע טענדענץ—דער בליק אין נעכטן—אף דעם היינט און מאָרגן. אויך גאָדינער האָט ניט אויסגעמיטן דעם רעצידיוו צו מילכאָמע און בירגער-קריג, צו שילדערן באַגראָבענע סאָציאַלע שיכטן, אָפּווינענדיק זיך, אזוי אַרום, פֿון היינט, אָנווארפֿנדיק נאָר איינציקע שטריכן פֿון נייע פֿיגורן אַפֿן פֿאָן פֿון אָקטיאבר-רעוואָלוציע...

**שיפֿרעס.**

## ש. פּערסאָוו „קאָרנבּרויט".

„קאָרנבּרויט"—אַזאַ מין באַשיידנקייט און פֿאָלקסטימלעכע פּאַשטעס ווייס פֿון דעמדאָזיקן טיטל. פּאַשטעס איז ניט פֿון די פּאָשעטע זאַכן—אַז דאָס איז ניט קיין פּאַראַדאָקס ווייזט פּערסאָוו ביכל. וואָרעם דידאָזיקע זאַמלונג דערציילונגען איז ניט דורכויס „קאָרנבּרויט"—דער שפּיץ איז נאָר אַזאַ ראָזעווער און פּראָסטער. און נאָר די לעצטע דערציילונג פֿון דערדאָזיקער זאַמלונג—„טאַכלעס"—פֿאַרמאָגט דעם הויכן גראַד פֿון קאָרנבּרויט.

פּערסאָוו דעביוטירט מיט „קאָרנבּרויט". דאָ זיינען געזאמלט די ביז איצט געדרוקטע דורכן אַוטאָר דערציילונגען. זיי זיינען

געגעבן אין כראָנאָלאָגישן סיידער. די ערשטע איז דאַטירט 1922, די לעצטע איז געדרוקט געוועז אין 1927 יאָר. דאָס איז דער ערשטער וועג פון שרייבער און דער קער-צייכן אַף ווייטער.

וואָס שילדערט פּערסאָוו?

די ערשטע דערציילונג „שערבלעך" דאַרף ווייזן דעם אָפּגאַנג און אונטערגאַנג פון מיטלשיכט, פון די מיטלמאנס—די קליינינקע מענטשעלעך, וואָס די רעוואָלוציע שווענקט זיי אַראָפּ. קיין באַזונדער אָריגינעלע אידייע איז אין דער דערציילונג ניטאָ, קיין באַזונדער אינטערעס רופט זי בא אונדז אויך ניט אַרויס, אָבער מיט איין שטריך צייכנט זי זיך אויס אין דער ריי נאָוועלן פון אונדזער סאָוועטישער פּראָזע: מיט לעבעדיק-שטריכירטע פיגורן, מיט פּסיכאָלאָגישער שילדערונג. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז דאָס איז געשריבן אין 1922 יאָר. דער רעוואָלוציע-שטייגער האָט זיך נאָך דאַן אָקאַרשט אָנגעהויבן „אָפּזעצן". פּערסאָוו האָט אין „שערבלעך" פאַרפיקסירט אַ קליין ווינקעלע פון דער רעוואָלוציע, ער האָט די בראָכווארג געגעבן גאַנץ רעאַל, איז ניט אַריינגעפאַלן אין אידעאַליזאַציע, האָט אַנטבלויזט די נישטיקייט פון די־דאָזיקע „שערבלעך" און אַף אַזאַ אויפן אונטערגענומען קינסטלעריש באַרעכטיקן דעם אונטערגאַנג פון דאָזיקן צווישנשיכט אין פלאַם פון דער אָקטיאַבר-רעוואָלוציע. די מיטלמאַנס, ספּעקוליאַנטלעך, גאַלאָכים און זייער גלייכן, פוילן אין טפיסע, ציטערן פאַר דער טויט-שטראָף, וואָס זיי דערווארט, ניט אָפּגעבנדיק זיך קיין דינוועכעשבן פאַרוואָס, אייגנטלעך, קומט דאָס זיי. און גלייכצייטיק:

„... פון דרויסן, פון אַהינטער די כוישעכדיקע פענצטער, האָבן זיך געטראָגן אָפּקלאַנגען פון טריט—אַ פעסטע און זיכערע מאַכנע: טריט פון אַרמעישע שטיוול, וואָס זיינען געגאַנגען מיט שטרענגע און האַרטנעקיקע פּעניִמער, קעדיי אַ טעל מאַכן פון דעם צעיושעטן און באַפּעלצטן באַלעגוף אין דאָרף"...

דערדאָזיקער הייסער „דרויסן" בלייבט אַפילע פּערסאָוון אויסן. וועגן אים זאָגט ער נאָר עפּעס. אים—פּערסאָוון—גייט דעריקער אין די „שערבלדיקע", וואָס ליגן אין טפיסע און וואַרטן אַפן סאָף, ער מאָלט די, וואָס מיינען שוין אַליין, אַז „דאָ, אין די קאַמערן (פון טפיסע. ש.) וועלן מיר אלע, געוועזענע, צופוילן און פאַרשטונקען ווערן". די אויפגאַבע פּערסאָווס איז אַ באַגרענעצטע. ווי געזאָגט, איז זי קנאַפּ וואָס אָריגינעל. און איר נייער שטריך באשטייט נאָר אין דעם, וואָס דער „איבעריקער מענטש" רופט צו זיך קיין ראַכמאָנעס-געפיל ניט אַרויס, וואָס דער לעזער צוזאָמען מיטן שרייבער פאַרמישפּעט אים אַף אונטערגאַנג.

די ווייטערדיקע דריי דערציילונגען—„אימפּעט", „העפקער" און „פּאָלעסיע"—גייען אַלע אַפּן פאָן פון בירגער-קריג, אין זיי איז מער כראָניק ווי שילדערונג, מער פאַרצייכענונגען, ווי קינסטלערישע באשרייבונג. דאָ און דאָרט ווערן אָנגעוואָרפן שטריכן פון טיפּן, דאָ און דאָרט ווערן געשילדערט געשעעענישן, אָבער געוועלטיקן געוועלטיקט דער פּאָשעטער סיפּער האָמאַיסע — „אַזוי איז געוועזן". ניטאָ קיין צייט און געמיט פאַר פאַרטיפערטער שילדערונג — „אימפּעט"! אויב אין „שערבלעך" דאַרף פּערסאָוו אליין קנאַפּ וואָס ריידן וועגן דער צענטראַלער אידייע זיינער, מוז ער עס אָבער טאָן אין „אימפּעט", דאַרף ער דאָ קומען דערציילן, אַז „אימפּעט האָט צוזאַמענגעשמאָלצן טולער שטאָטישע שקאָצים און שוואַרצערדישע דאָרפישע פויערים". אָבער די־דאָזיקע דערציילונגען צייכענען זיך גראָד גליקלעך אויס פון „שערבלעך" דערמיט, וואָס סאַי לויט די טעמעס, אַזוי לויטן טיפּאַזש און מאַטעריאַל שטייען זיי העכער פאַר דער לעצטער. „אימפּעט", לעמאָשל, טראַקטירט די טעמע וועגן פויערים-רעוואָלוציע און צוזאַמענשלוס פונם שטאָט און דאָרף. אַזעלכע שטריכן זיינען אויך פאַראַן אין דער דערציילונג „אין פּאָלעסיע". און אויב דער ניט יידישער טיפּאַזש איז שוין אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור ביכלאל גענומען ניט ניי, איז אָבער זיין מאַסיוו, די מאַסע, ניט אַנטפּלעקט געוואָרן, און פּערסאָוו קומט עס דאַווקע טאָן, ער פּרוווט אַפילע—ווי שוין געזאָגט—שטעלן דאָרפישע, ניט יידישע, פּראָבלעמען.

שוין אין די־דאָזיקע דערציילונגען באַווייזט זיך פּערסאָוו, ווי אַ שרייבער פון די מאַסן, זיינע העלדן קומען אויך דעריקער פון די מאסן, זיי זיינען אַפילע אומבאַמערקבאַר, מע זעט זיי ניט ווי זיי טוען אָפּ זייער וויכטיקע שליכעס. כאַראָן אין דער דערציילונג „פּאָלעסיע" געהערט צו אָט די־דאָזיקע העלדן. אַ לאָמער, אַ קוריער אין טשעקאַ, איז ער דאָך אַ שרייפל אין נייעם סאָציאַלן לעבן, אַ לעבעדיקער אייוועד פון דער רעוואָלוציע, כאָטש זיין ראָל איז אַ קליינינקע, אָבער אָן איר קען מען זיך אויך ניט באַגיין, און פּערסאָוו שאַצט עס אָפּ. פּערסאָוו איז באַשיידן, ער רייסט זיך ניט אַף די העכערע טענער, און העלדן נעמט ער אויך באשיידענע, פּאָשעטע.

פון אַ העכערן שניט איז די לעצטע דערציילונג „טאַכלעס". די טעמע איז שוין ניט קיין בירגער-קריג—עס איז שוין אַ טעמע פון דער איצטיקער בויונג-עפּאָכע, אַ טעמע אַפילע א שטייגערישע. אין „טאַכלעס" ווערט געמאָלט אַ שטעטל פּערעטשעפּ, וואָס אין איר הויבט זיך שטאַרק אָן פילן דער כורבן פון דער אלטער ווירטשאַפט-באַזע, קרעמעריי. די ארעמע שטעטלדיקע באַפעלקערונג הויבט אָן איבערגיין אַף ערד. און אָט די ווייטיקן פון איבערגאַנג מאָלט פּערסאָוו. דאָ איז אין צענטער פייוול שוב, דער אָרעמער שענקער, דאָ האָט איר די קאָאָפּעראַציע, דאָס קעמערל, די שטעטלדיקע מאַכט-פאָרשטייער; איר זעט דאָ, ווי עס ווערן ארויסגעשטויסן הענדלער פון זייער אַלטער פּאַרנאָסע, ווי „ברויט-פּראָדוקט" און מעלוכע-האַנדל פאַרנעמען זייער פּלאַץ, ווי די־דאָזיקע נעכטיקע הענדלער זוכן זיך צושלאָגן צו אַ ברעג, ווי זיי לאָזן זיך אַפן לייכטסטן וועג—זוכן שטעלעס, אריינקריכן אין דער קאָאָפּעראַציע א. א. וו. אָט דער גאַנצער אויפגערודערטער שטייגער איז גענומען געוואָרן אַפן פּען. עס איז אַ דאַנקבאַרער געביט. דאַכט זיך, אַז פּערסאָוו איז דער ערשטער געקומען מיטן דאָזיקן מאָטיוו, דעריבער האָט עס פון דער דערציילונג „טאַכלעס" אַ ווייגעטאָן מיט אַקטועלקייט און היינטיקייט. „די יידישע שטעטל אין וועג צום נייעם לעבן" דאָס איז א גרויסע פּראָבלעם פאַר דער קונסט.

דאָס, וואָס עס דאָמינירט אין די פאָריקע דערציילונגען, טיילט זיך נאָך מער רעליעף אויס אין „טאַכלעס״: פערסאָווס גרונט-אידייע איז אין דער אויפשטייענדיקער פאָלק-מאַסע, אין איר דורשט נאָך לעבן, נאָך ברייט, נאָך פרישע באַפרישנדיקע זאַפטן. פערסאָווס שרייבן איז באַהויכט מיט אַ שלייערל פון גלויבן, פון ליבע צו די מאַסן, ער האָט זיך געראַטעוועט פון טריבקייט און פעסימיזם באַם באַאַרבעטן די דינאַמישע פּראָצעסן—פּראָצעסן ווייטיקדיקע,—וואָס קומען פאָר אין די יידישע אָרעמע פאָלק-מאַסן. ניט אַלעמען גילט דאָס. און נעמען אַף זיך די אויפגאַבע צו פאַרקערפּערן אין בעלעטריסטיק דעם ווידערגעבורט פון גאַנצע שיכטן איז—זאָגן מיר נאָך אַמאָל—אַ ראָל אַ דאַנקבאַרע. אַזאַ שרייבער וועט האָבן לייענער, אַזאַ שרייבער פילט אויס אַ וויכטיקע סאָציאַלע באַשטעלונג פון פּראָלעטאַריאַט—מעג ער אין זיינע ווערק ניט אָפשפּיגלען דירעקט קיין פּראָלעטאַריער, מעג ער נאָר קנעטן זיינע פיגורן און טיפּן פון נעבנשיכטן—אַבי ער געפינט אין זיי לעבן-זאַפט, קרעפטן פאַר ווידערגעבורט אַף אַ נייער סאָציאַלער באַזע—אַף דער באַזע פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

* * *

אזוי ארום קען מען אין „קאָרנבּרויט״ איינזען א באַשטימטע עוואָלוציע פון שרייבער—כאָטש וועגן אזא זאַך איז דאָך שווער צו ריידן אַפן גרונט פון איין ביכל דערציילונגען. דער וועג איז דאָ אַזאַ—פון איבעריקע „מיטלמאַנס״ צו ווידער אויפגעלעבטע מיטעלע שיכטן, שיכטן, וואָס די רעוואָלוציע האָט זיי לעבעדיקן אָטעם געשענקט. דידאָזיקע שיכטן זיינען באַהעפט געוואָרן צו דער רעוואָלוציע, ווייל דער אָקטיאַבער האָט זיי אָנגעוויזט דעם רייעך פון קאָרנבּרויט, פון אַ זאַט ערלעכן לעבן, פון א פרייען כאָטש, דערווייל ראָזעוון לעבן. צוזאַמען מיטן באַפרייטן האָרעפּאַשניק פראַוועט פערסאָוו זיין פרייהייט-יאָנטעוו, און דאָס איז דער צייכן, אונטער וועלכן ער האָט געשריבן „קאָרנבּרויט״.

* * *

בּאַ פערסאָוון לעבן, ווי קינסטלערישע פיגורן, די העלדן פון זיין אייגענעם ראָמאַן—די דורכשניטלעכע פאָלק-מענטשן, דער מיטלשטאַנד. אלדאָס איבעריקס איז ניט גענוג רעליעף געצייכנט. אין „שערבלעך״ זיינען בוילעט די פיגורן פון מיטלמאַן און גינזבורג. שוואכער זיינען דער פּאָלקאָווניק און דער גאַלעך. פאַר זיי איז שווער אָפּגעפינען דעם פאַסיקן לעקסיקאָן. אז דער ארעסטירטער פּאָלקאָווניק דאַרף באַשטימען זיין באַציונג צו דער רעוואָלוציע, דערקלערט ער עס אזוי: „אַלץ האָבן די כאוויירים צושטערט, אַלץ און אַלעמען, ווי שערבלעך צושטויסן. טוט אקאָרשט אַ קוק אַף די פראָנטן. וואַרט ניט אַף געולע״. ניטאָ דא קיין טיפּישקייט און איר זייט ניט איבערצייגט אין דער אַרגומענטירונג, וואָרעם איר פילט ניט, אז אַ פּאָלקאָווניק דאַרף דאווקע אזוי און ניט אנדערש אורטיילן וועגן אקטיאבר. קערט זיך אבער פערסאָוו ווידער אום צו אַ מין מיטלמאַן—צו קרוגליאקן אין „פּאָלעסיע״—לעבט ווידער אַ פיגור. דאָ טרעפן זיך צונויף כאראַן דער טשעקיסט מיט קרוגליאַקן—דעם באַלעבעסל פון „ארום וואקזאל״—און ביידע ווארפן אָפּ העלע שטראַלן איינער אַפן צווייטן. ביידע פיגורן טיילן זיך אויס, דאָסזעלבע איז מיטן כאווער האָז (טאַכלעס). דאָס אַלץ איז אַן איבעריקע באַשטעטיקונג אַף דעם, אַז פערסאָוו דאַרף שעפּן זיין מאַטעריאַל דאָרטן, ווו ער נעמט זיין אידייע—אין דעם אויפוואַכנדיקן מיטלשטאַנד.

* * *

עס איז דאָך א פריידיקע דערשיינונג דאָס, וואָס אונדזער יידישע סאָוועטישע ליטעראַטור הייבט זיך אָן דיפערענצירן, פאַנאַנדערצוגרענעצן באַזונדערע ספּעציעלע ארבעט-צירקלען. עס שאַפט זיך א געוויסער מין ארבעט-צוטיילונג און אַף דעמדאָזיקן דיפערענצירטן ארבעט-פעלד קענען זיין נאָר מער באַגאַבטע און ווייניקער טאַלענטירטע, אָבער די סאָציאַל-קלאַסאָווע ראָל איז דאָ פון אַלע א באַדייטונגפולע—אויב נאָר די טענדענץ פון זייער שאַפן איז אין איינקלאַנג מיט דער סאָציאַליסטישער וועלט-אַנשויונג. זאָלן עס זיין לייוונטן פון ארבעטער-לעבן (אויך אַזעלכע האָבן זיך שוין באַוויזן—ווי קליין זייער קינסטלערישער ווערט זאָל ניט זיין), צי בילדער פון האָרעפּאַשנעם פויער, צי שטיקער שטייגער פון אויפגערודערטן ארעמען פאָלק—זיי אַלע האָבן א באַדייטונג פאַר אונדזער קולטור-לעבן, פאַר אונדזער ווירטשאַפטלעך פאַרויסשטייגן. פערסאָוו האָט זיך אַליין געזאָגט מיט די ווערטער פון פּאָעט:

„און ס'שמעקט מיר דופטיקער א לאַבן קאָרנבּרויט
פון אַלע בלומען-קרענץ אין שטאָט-אָראַנזשערייען״ *)

און האָט זיך גענומען פאַר אזא געבּיט—„קאָרנבּרויט״. דאָס איז גוט און מיר דאַרפן עס.כאָטש מיר שטעלן עס ניט קעגן—און מיט אונדז אַוואַדע אויך פערסאָוו—די „שטאָט-אָראַנזשערייען״. קאָרנבּרויט און „בלומען-קרענץ״—מיר דאַרפן אַלץ, אויב דאָס „שמעקט נאָר דופטיק״—אַפן פּראָלעטאַרישן שטייגער.

**ש—ס.**

„פּראָליט.״ ליטעראַריש-קינסטלערישער, קריטיש-ביבליאָגראַפישער כוידעש-זשורנאַל פון דער אַלאוקראַאינישער אַסאָציאַציע פּראָלעטאַרישע שרייבער. נום. 1, אַפּרעל 1928 י.

I

אַף אַזאַ טיפּ זשורנאַל, וואָס זאָל באַהאַנדלען א גאַנצע רייע ליטעראַטור-און קונסט-פּראָבלעמען, וואָס זאָל זיך ספּעציעל פאַרנעמען מיט קריטיק פון די אַרויסגעגאַנגענע ליטעראַריש-קינסטלערישע ווערק,—אַף אזאַ טיפּ זשורנאַל האָבן מיר שוין לאַנג געוואַרט.

*) ל. פיינבערג „פּאָעט און סקעפּטיקער״. זאַמלונג „גרויס-שטאָט״. ניויארק פאַרלאַג „פרייהייט״.

סאַי אין אונדזערע עקזיסטירנדיקע זשורנאַלן: „שטערן“ און „רויטע וועלט“, סאַי אין אונדזער טעגלעכע פּרעסע ווערן פֿראַגן פֿון ליטעראַטור, ליטעראַרישע פּראָבלעמען זייער שוואַך באַהאַנדלט. און אונדזערע כאַווייריִם פֿון אוקראַינע קומט אַ גרויסן יאַשערקויעך פֿאַר דעם, וואָס זיי האָבן אָרגאַניזירט דעמדאָזיקן זשורנאַל.

די צילן פֿון זשורנאַל „פּראָליט“ ווערן גאַנץ בוילעט אַרויסגעזאָגט אין דעם אריינפֿיר-אַרטיקל „אונדזערע אויפֿגאַבן“.

דער זשורנאַל שטעלט זיך אַ גאַנצע ריי צילן.

ערשטנס, אין קורץ-געפּאַסטער פֿאָרם פֿון קליינע בעלעטריסטישע נאָוועלן און סקיצן געבן די העראָיק פֿון אונדזער קאָלאָסאַלער עפּאָכע: „קינסטלעריש געבן דעם אַרבעטער אַלס פֿאָנטרעגער פֿון אונדזער עפּאָכע, געבן אים אין די פֿאַרשיידענע עטאַפּן פֿון אונטערערדישן קאַמף, רעוואָלוציאָנערן אָנגריף און סאָציאַליסטישער בויונג“. דערביי ווערט דורך דער רעדאַקציע בעפּיירעש ריכטיק אָנגעוויזן: „קיינעם בינדן מיר ניט אָן קיין טעמעס; פֿון קיינעם פֿאָדערן מיר ניט, ער זאָל שרייבן נאָר וועגן אַרבעטער“...

דאָס איז פֿאַר קיין פֿאַל ניט קיין ווידערשפּרוך. די אידעאָלאָגיע פֿון פּראָלעטאַריאַט—אָט וואָס עס איז וויכטיק. און אידעאָלאָגיש אויסגעהאַלטן מוזן זיין אַלע ווערק, אַפֿילע אַזעלכע, ווו די סוזשע איז גענומען געוואָרן אַ קליינבירגערלעכע אַ נעפּישע...

און קעדיי אָט דידאָזיקע פּראָלעטאַרישע אידעאָלאָגיע, דער „מאַרקסיסטישער אַנאַליז“ זאָלן ווערן זיין, דעם קינסטלערס, אידעאָלאָגיע און אַנאַליז, וועט „דער „פּראָליט“ באַקענען די שרייבער און די לייענער מיט די בעסטע מוסטערן פֿון מאַרקסיסטישן צוגאַנג צו ליטעראַטור און קונסט.“

די צווייטע אויפֿגאַבע איז ניט ווייניקער וויכטיק. „דער „פּראָליט“ וועט מיטהעלפֿן עס זאָל זיך אויסבילדן אַ נייע, כאַווערישע קריטיק,—אַ קריטיק, וואָס זאָל ניט טאַדלען, וואָס זאָל ניט אַרויסגעבן קיין אַטעסטאַטן אַף טאַלאַנט, אָדער גראַפֿאָמאַניע, נאָר וואָס זאָל קלאָר מאַכן דעם שרייבער זיינע מאַילעס און כעסרוינעס, העלפֿן אים געפֿינען זיין ריכטיקן וועג און לערנען דעם לייענער, ווי אַזוי מע דאַרף אָפּשאַצן סאַי דעם סאָציאַלן, סאַי דעם קינסטלערישן ווערט פֿון אַ ווערק“.

מע דאַרף זאָגן, אַז ביז אַהער איז גראָד אין דער הינזיכט בא אונדז געווען ניט אַלץ אין אָרדענונג. דער טאָן פֿון אונדזער קריטיק איז ניט אַלע מאָל געווען אַ כאַווערישער. מער פֿאַר אַלץ האָט מען באַ אונדז ליב געהאַט צו קלעפּן עטיקעטלעך אַף שרייבער... דערפֿון האָט אַבסאָלוט גאָרנישט—אויסער האַרצווייטיק—ניט געהאַט דער שרייבער און נאָך ווייניקער דער לעזער. מיר זיינען גאָר ניט פֿון די, וואָס האַלטן, אז אונדזער אַ קריטיקער דאַרף זיין פֿאַרשפּילעט אַף אַלע קנעפּלעך און שטענדיק זייער העפֿלעך. אונדזער קריטיקער דאַרף אָבער פֿאַרשטיין איין זאַך—אויב באַ אונדז זיינען ניטאָ און עס קענען ניט זיין קיין „פֿרייע“ קינסטלער, קענען באַ אונדז אַ פּשיטע ניט זיין קיין „פֿרייע“ קריטיקער, באַ אונדז איז ניטאָ פֿון וועמען פֿריי צו זיין. מיר האָבן זיך שוין לאַנג באַפֿרייט. און אונדזער כויוו איז איצט צו נעמען אַף זיך אַ יאָך! מיר מוזן נעמען אַף זיך דעם יאָך פֿון אויפֿבויען די נייע פּראָלעטאַרישע און סאָוועטישע ליטעראַטור. און דאָס וועלן מיר מיט דערפֿאָלג טאָן נאָר דאַן, ווען מיר וועלן זיין פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר יעדער אונדזער קלענסטער רעצענזיע. ניט דער קריטיקער איז באַ דעם פֿאַל וויכטיק, נאָר זיין אַרבעט. יעדער קריטישער אַרטיקל דאַרף און מוז וואָס עס איז פֿאַריכטן, דאַרף העלפֿן דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פֿון אונדזער ליטעראַטור.

און דער „פּראָליט“ איז בעפּיירעש גערעכט, ווען ער שרייבט אביסל ווייטער, אַז ער וועט „אָבער פֿירן אַ העפֿטיקן קאַמף קעגן יעדער אידעאָלאָגישער אָפּנויגונג אין דער ליטעראַטור, קעגן יערידע-שטימונגען, קעגן קורצזיכטיקן סימוואָליזם, וואָס זעט ניט דאָס לעבן, און פּרוווט זיך אונטערן וואָלקן פֿון ווייערעך פֿאַרבאַהאַלטן זיין אידעאָלאָגישן דאַלעס און קינסטלערישע אימפּאָטענץ“. ווייל אַ כאַווערישער צוגאַנג הייסט ניט פֿאַרשווייגן און פֿאַרגלעטן. זעלבסטקריטיק—דאָס איז דער לאָזונג פֿון אונדזער פּאַרטיי. און אין דערדאָזיקער זעלבסטקריטיק, זאָגט צו דער „פּראָליט“, וועט ער „ניט שוינען אַפֿילע די אייגענע כאַוויירים“.

און אַ דריטע זאַך מיט וואָס עס וועט זיך פֿאַרנעמען דער „פּראָליט“ און וואָס איז בא אונדז ביז אַהער אבסאָלוט ניט באַטראַכט געוואָרן, איז די פֿראַגע פֿון סטיל.

מיר לעבן איבער אַ קאָלאָסאַלע דינאַמישע עפּאָכע. שוין פֿון די ערשטע טעג פֿון דער רעוואָלוציע האָט די קונסט אף אירע פֿאַרשיידענע געביטן, געזוכט די נייע פֿאָרם, וואָס זאָל קענען געבן אָט דידאָזיקע דינאַמישקייט. דער איינציקער געביט אין קונסט, וועמען עס האָט זיך ווירקלעך איינגעגעבן אויספֿאָרמירן זיך און געבן ווירקלעך אַ נייע פֿאָרם—אַפֿילע אויך דאָ איז דאָס נאָך ניט אינגאַנצן סטאַביליזירט—איז דער טעאַטער. דאָ האָבן מיר גרויסע דערגרייכונגען. מיר זיינען די ערשטע זאַך פּאַטערגעוואָרן פֿון די אלטע פּאַווילִיאָנען אין טעאַטער. אַ געוויסע רעוויזיע איז אויך געמאכט געוואָרן אין דעם שפּיל פֿון אַקטיאָרעמעס, דאָ איז נאָך די לאגע ניט קיין סטאַביליזירטע, אָבער דער טעאַטער, אָנהויבנדיק פֿון דער רעזשי און ענדיקנדיק מיט דער אויסשטאטונג, האָט שוין בעפּיירעש גאָר אַן אנדער פּאָנים.

מיט דער פּאָעזיע און פּראָזע, באַזונדערס מיט דער לעצטער, איז נאָך ניט גאָר אין אָרדענונג. דאָ איז נאָך פֿון איין זייט קיין ראַדיקאַלע ענדערונגען ניט פֿאָרגעקומען און פֿון דער אַנדער זייט זיינען נאָך דאָ אַזוי פֿיל סטילן, אז עס איז אומעגלעך צו באַשליסן, וועלכע פֿון זיי איז ווירקלעך דער צוגעפּאַסטער פֿאַר אונדזער עפּאָכע.

אלזאָ, אָט דידאָזיקע דריי הויפּט-אויפֿגאַבן שטעלט זיך דער „פּראָליט“ אין זיין דעקלאַראַציע.

II

ווי האָט אויסגעפֿילט זיין אויפֿגאַבע דער ערשטער נומער פֿון זשורנאַל?

די ערשטע זאך—די בעלעטריסטיק און די פּאָעזיע.

די גרעסטע זאך אין דעמדאָזיקן זשורנאַל איז כאַים גילדינס נאָוועלע „ברונעמס". די טעמע איז בעפּיירעש אַן אינטערעסאנטע, דערציילט איז עס געוואָרן גאַנץ לעבעדיק. אָבער קונסט דאַרף ניט נאָר דערציילן, קונסט דאַרף די הויפּט-זאך ש י ל ד ע ר ן. דידאָזיקע שילדערונג איז, נאָך אונדזער מיינונג, בא כאַים גילדין גאָר שוואַך אַרויסגעקומען, דערהויפּט ניט איבערצייגנדיק. אָט שילדערט, לעמאָשל, גילדין דעם ליליפּוט איציק-מענדל, וואָס אָט איז ער א סאטסקע, און אָט איז ער א מיליציאָנער, עס ווענדט זיך, בא וועלכער מאכט ער דינט. און אַזוי ווי די מאַכטן האָבן זיך געביטן גאַנץ אָפט, האָט איציק-מענדל געטראָגן איינצייטיק „אַפֿן ברוסט דאָס בלעכל מיט די אויסגעקוועטשטע אויסיעס „סאָטסקע", און אַפֿן ארבל—די טאַשמע מיטן אופֿשריפֿט „מיליציאָנער".

פֿאַר א וויץ אין אַ פֿעליעטאָן איז „דער פֿאַל" עפּשער ניט שלעכט, דאָ האבן מיר דאָך אָבער צו טאָן ניט מיט קיין וויץ, מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט א גאַנץ ערנסטן איניען.

אָדער נעמט, לעמאָשל, נאָך א בילד: „אַף איציק-מענדלס נידעריקן שטערנדל האָבן זיך אויסגעצויגן גראָבע קאַרבן, ווי לאַנגע רעגן-ווערים"... אַזא בילד איז נאָך אונדזער מיינונג ניט איבערצייגנדיק. אַ וואָרים אַסאָציאירט זיך בא אונדז די ערשטע זאך מיט א „פ ו י ז ע נ ד י ק ע ר זאַך, און דאָ האָט דידאָזיקע פּויזענדיקייט, פֿאַרשטייט זיך, ניט קיין פּלאַץ.

דאָסזעלבע איז אויך מיט דער שילדערונג פֿון די טיפּן. דער כאַווער ש. בילאָוו אין זיין ארטיקל „אונדזער סאָוועטישע פּראָזע" אין דעמזעלבן נומער, זאָגט מיט רעכט: „א קינסטלעריש ווערק דאַרף שאַפֿן באַם לייענער די איבערצייגונג, אַז די שפּראַך, מיט וועלכער די געשילדערטע טיפּן באַנוצן זיך, איז זייער שפּראַך". דאָס איז אַן אַלטער קונסט-עמעס. בא דעם כאַווער גילדין פֿעלט אָט דערדאָזיקער הויפּט-שטריך. די טיפּן זיינע זיינען דורך ז יי ע ר שפּראַך ניט געשילדערט געוואָרן. גילדין דערציילט וועגן זיי מער, ווי זיי דערציילן וועגן זיך, און דאָס, וואָס זיי דערציילן וועגן זיך, איז ניט גענוג איבערצייגנדיק. וואָס קענט איר, לעמאָשל, זאָגן וועגן אילקא קאַסיאַן, אויסער דעם אלגעמיינעם ווערטל „א באַוווּסטזיניקער יאַט"? און דאָס באַקומט זיך בא אונדז אויך ניט אַפֿן סמאך פֿון אילקאַס כאַראַקטער-שטריכן, נאָר דערפֿון, וואָס דער אווטאָר דערציילט וועגן אים. האנע, לעמאָשל, איז אבסאָליוט ניט באַרעכטיקט. ווו איז דער פֿאַרוואָס, דער קינסטלערישער „פֿאַרוואָס", וואָס זאָל אונדז איבערצייגן אין דעם פּסיכאָלאָגישן איבערברוך, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען אין איר, ווען זי ווערט א „באַוווּסטזיניקע" פֿון אַ פֿאַרביסענער באַנדיטקע?

דאָס איז דער כיסאָרן אין דערדאָזיקער דערציילונג—זי איז קינסטלעריש ניט גענוג דערהויבן.

מ. אַלבערטאָנס „טימקע" איז א גאַנץ קרעפֿטיקע, קאָנדענסירטע סקיצע. פֿון שטאנדפּונקט פֿון „ריינער קונסט" איז זי גאַנץ אינטערעסאַנט. זי האָט אָבער איין כיסאָרן: זי איז אויסער רוים אין צייט... זי האָט געקענט זיין געדרוקט מיט צענדליקער יאָרן צוריק, זי האָט געקענט זיין געדרוקט אין וועלכער לאַנד איר ווילט. צום גאַנצן כאַראַקטער פֿון „פּראליט" האָט זי קיין שום שאיכעס ניט.

האָפּשטיינס און פֿעפֿערס לידער זיינען די בעסטע אין דעם נומער. ביידע זיינען ליריש, פֿון ביידן טראָגט א האַרציקע וואַרעמקייט, אַפֿילע זיי זיינען אַף צוויי באַזונדערע פֿלאכן. דער איבערבראָך, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין האָפּשטיינען, מערקט זיך זייער אנגענעם אין די לעצטע לידער זיינע ביכלאל. דערזעלבער ליריקער פֿון גאָר גרויסן מאסשטאב, ווי אַמאָל, אָבער דער אינהאָלט אַן אַנדערער, דער ליריזם אַ געזונטערער. פֿעפֿערס ליד איז אויך פֿיל טיפֿער, ווי א גאַנצע ריי פֿון זיינע לעצטע לידער.

פֿון די איבעריקע לידער זיינען ביז גאָר אינטערעסאַנט: ש. לאַפּאטעס לידער—געזונטע פויערים-מאָטיוון, די פֿאָרם איז אַן „אויסגעהאַלטענע" אָבער ניט גאָר קיין אָריגינעלע. ניט קיין שלעכטע ליד איז אויך יאַנקלעוויטשעס. א. פּיאטיגאָרסקעס ליד שמעקט אַביסעלע מיט „פֿילאָסאָפֿיע" און ניט גאָר אָריגינעל...

נאָך אונדזער מיינונג האָט די גאַנצע בעלעטריסטישע אָפּטיילונג איין גרונט-כעסאָרן—זי פֿאַרנעמט צופֿיל אָרט. דער זשורנאַל איז באַשאַפֿן געוואָרן דערהויפּט פֿאַר ליטעראַרישע און קינסטלערישע פּראָבלעמען. די בעלעטריסטיק, נאָך אונדזער מיינונג, דאַרף פֿאַרנעמען העכסטנס אַ בויגן, דאָ פֿאַרנעמט זי קימאַט אַ העלפֿט.

און איצט וועגן די איבעריקע מאַטעריאַלן.

ביז גאָר אינטערעסאַנט און בעפּיירעש ריכטיק איז די פֿראַגע, וואָס דער כ' בילאוו הויבט אוף אין זיין אַרטיקל „אונדזער סאָוועטישע פּראָזע". ביז היינטיקן טאָג האָט זיך אונדזערע בעלעטריסטן ניט איינגעגעבן צו געפֿינען די שפּראַך, וואָס זאָל קינסטלעריש שילדערן די געגעבענע טיפּן. עמעס, עס איז זייער שווער: אונדזער ליטעראַטור קען זיך ניט באַגרענעצן מיט נאָר יידישע טיפּן, און די יידישע טיפּן זיינען אויך אַנדערע געוואָרן. אנדערע... און ניט אַנדערע. אַנדערע זיינען זיי געוואָרן לויטן מעהוס, לויטן פֿאַרנעם, אָבער ווו איז די נייע שפּראַך, וואָס זאָל בוילעט אויסדריקן זייער נייע פּסיכאָלאָגיע?... ערגעץ טיף אין דער מאַסע איז זי בעפּיירעש דאָ. מע דאַרף זי זוכן, מע קען זי געפֿינען אַפֿן פֿאַבריק, אין קלוב; אָבער צום גרויסן באַדויערן זיצן אונדזערע בעסטע בעלעטריסטן „אין די צענטרען" און קומען מיטן טאָגטעגלעכן יידישן אַרבעטער-לעבן זייער ווייניק אין באַרירונג. דעריבער פֿעלט זיי די לעבעדיקע, בוילעטע שילדערונג-שפּראַך פֿון נייעם מענטשן.

פֿון דערדאָזיקער אָפּגעריסנקייט שווימט אויך אַרוף די צווייטע פּראָבלעם—די איינטאָניקייט פֿון דער טעמע און פֿון זשאַנר, וואָס עס הויבט אוף דער כ' א. אבטשיק. דער אַווטאָר מיינט, אַז די דאָזיקע איינטאָניקייט שטאמט פֿון צוויי זאַכן: ערשטנס דערפֿון, וואָס די ליטעראַטן אונדזערע פֿאַרנעמען זיך מיט אַנדערע זאַכן און זיי בלייבט ווייניק צייט אַף צו אַרבעטן אַף זייערע ליטעראַ-

רישע ווערק און צייטנס, דערפון, וואָס מע פאָרט וויניק אַרום·נאַטירלעך, אַז די דראָזיקע צוויי סיבעס זיינען בעפיירעש ריכטיקע, אָבער די הויפּט-סיבעס דוכט מיר שטעקט דערין, וואָס מע איז פאַרזעסן אין „די מאָסקוועס“.

וואָס פאַר אַ נייעם ייִדישן לעבן זעט דער כ׳ גאדינער, אָדער מייעראָוויטש, לעמאָשל, אין מאָסקווע? דיזעלבע זאַך איז מיט יודל יאַפּע און מיט פערסאוון. דערפאַר האָבן מיר דאָך טאַקע אין הינזיכט פון טעמאַטיק פאַרשפּעטיקט אַן ערעך אַף אַ יאָר 5—6.

באַ אונדז האַלט מען נאָך אַלץ באַם בירגער-קריג... דער איינציקער פון די מאָסקוער, וואָס האָט געמאַכט אַ טראָט פאָרויס אין דער טעמע, איז דאָס פערסאָוו, איז אויך בלויז אין דער לעצטער דערציילונג.

אונדזערע בעסטע בעלעטריסטן דאַרפן זיך פאַרטראַכטן אַף דערדאָזיקער פּראָבלעם· אַן איר איז אָפּהענגיק די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון אונדזער ליטעראַטור.

פּ. שאמעסעס אַרטיקל וועגן שוואַרצמאַנס פּאָעטיק איז אַן און פאַר זיך גאָר אַן אינטערעסאַנטער, אָבער ער איז פאַר דעם מאַסן-לייענער זייער אַ שווערער. מע קען און מע מוז אַפילע וועגן פּאָעזיע שרייבן אַביסל צוגענגלעכער.

די ביבליאָגראַפישע אַרטיקלען און נאָטיצן זיינען זאַכלעך און גאַנץ לעבעדיק אָנגעשריבן געוואָרן, באַזונדערס איז צו דער צייט דער אַרטיקל וועגן „קריטיק אין דער „רויטער וועלט“. די פראַגע וועגן קריטיק אין אַנדערע זשורנאַלן און אויך אין דער טעגלעכער פּרעסע איז זייער אַ וויכטיקע. מע דאַרף דידאָזיקע פראַגע שטעלן, מע דאַרף זי שטענדיק שטופן, ביזוואַנען מע וועט זי אַראָפּשטופן פון טויטן פונקט.

* * *

דער אַלגעמיינער איינדרוק פון זשורנאַל איז בעפיירעש אַן אויסגעצייכנטער. ער איז נאָך ניט פולקאָם. ער האָט זיך נאָך ניט פאַנאַנדערגעוויקלט, אַ גאַנצע ריי וויכטיקע פּראָבלעמען זיינען נאָך ניט געשטעלט געוואָרן. אָבער—דאָס איז דאָך ערשט דער ערשטער נומער.

מיט געמיינזאַמע קויכעס מיט ליבע צו דער זאַך—און מיר וועלן האָבן אַ גוטן און דערהויפּט נייטיקן זשורנאַל, אַ זשורנאַל, אַף וועלכן מע וועט מיט אומגעדולט וואַרטן יעדן כוידעש.

ב. א.

פּ. ס. פון דעם ערשטן טאָג פון זיין געבוירן האָט ער באַלד געקראָגן אַ ריין ייִדישע „מאַילע“, ער ווערט פון קיינעם ניט פאַרשפּרייט. אין ווייסרוסלאַנד איז דערדאָזיקער זשורנאַל ניט בע-נימצע, מאַמעש אומלעגאַל.

עפּשער וואָלטן מיר שוין פאָטער געוואָרן אויך פון דעמדאָזיקן „נאַציאָנאַליזם“?...

כאַוויירים פון „פּראָליט“!—באַגראָבט ניט דעם זשורנאַל איידער ער ווערט געבוירן...

---

# כראָניק.

## קולטור.

— באַם „אינווייסקולט“ ווערט אָרגאַניזירט אַ נייע קאַטעדרע אַף דערלערנען די לעטישע קולטור. אַלס סעקרעטאַר פון דער קאַטעדרע איז באַשטימט געוואָרן דער כ׳ מערניקאָוו.

— אין באַשטאַנד פון וויסנשאַפטלעכן ראַט פון „אינווייסקולט“ זיינען צוגעטיילט געוואָרן פאָלגנדיקע כ״כ: נעקראַשעוויטש, סוניאַקאָוו, ליסאָוו. שאַיעוויטש, געלטמאַן, בעליגאַ, אַגורסקי, גאָרעצקי, פּראָפ. פּיטשעטאַ און פּראָפ. וואָלפסאָן.

— די מאָסקוער סעקציע צו פאָרשן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג צווישן ייִדן האָט איינגעאָרדנט אַ פאָרטראַג פון דער אַלטער אַרבעטער-טוערן יעווגעניע אַראָלפאָווע גורוויטש וועגן די ערשטע טריט פון דער אַרבעטער-באַוועגונג אין מינסק אין דער צווייטער העלפט פון די 80-קער יאָרן. פאַרבייגייענדיק האָט זי אין קורצן דערציילט וועגן אָנהויב פון דער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע צווישן די מינסקער ייִדישע אַרבעטער אין 1875-טן יאָר.

— באַם „אינווייסקולט“ ווערט אָרגאַניזירט אַ יורידישע קאַטעדרע, וועלכע באַשטייט פון צוויי קאָמיסיעס פאַר מעלוכע-רעכט און פאַרווירטשאַפטלעכער רעכט. אַלס פאָרזיצער פון די קאָמיסיעס זיינען באַשטימט די כאַווירים גאַווזע און פּאָרעטשי.

אַלס פאַרוואַלטער פון דער קאַטעדרע איז באַשטימט געוואָרן דער פּראָפ. גרעדזינגער.

— קעדיי צו דערלערנען די פאָלק-קונסט אין ווייסרוסלאַנד, אָרגאַניזירט דער ווייסרוסלענדישער קונסט-טעכניקום אַ ספּעציעלע עקספּעדיציע אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך פון ווייסרוסלאַנד. אין דער אַרבעט פון דער עקספּעדיציע וועלן אָנטייל נעמען 10 סטודענטן פון קונסט-טעכניקום.

— דער פאָלקאָמבילד פון ווייסרוסלאַנד האָט באַשלאָסן קאָנצענטרירן פון קומענדיקן יאָר די אָנפירונג מיט טעכנישער, פּאָליטישער און אַלגעמיינער זעלבסט-בילדונג און אַ ספּעציעלער אינספּעקטור פאַר זעלבסטבילדונג.

— דעם 11-טן יון עפנט זיך אין מאָסקווע אַן אַלרוסלענדישע באַראַטונג פון אַרבעטער-אוניווערסיטעטן. ווו ס׳ווערן אויך איינגעלאַדן די אַרבעטער-אוניווערסיטעטן פון די פאַרבאַנדישע רעפּובליקן. די באַראַטונג וועט באַטראַכטן פאָלגנדיקע פראַגן: די סאַכאַקלען און פּערספּעקטיוון פון דער אַרבעט פון די אַרבעטער-אוניווערסיטעטן וועגן די טעכנישע דיסציפּלינען, וועגן אַרבעטער-אוניווערסיטעטן אַלס צענטער פון פּאָליט-אויפקלער-אַרבעט און אַנד.

— דעם 5-טן יון עפענען זיך אין מאָסקווע די צענטראַלע ייִדישע איבער-גרייט-קורסן פאַר פּאָליט-אויפקלער טוער.

— די באַפעלקערונג, אין אַמעריקע ציילט 112 מיליאָן און אונדזער ראַטן-פאַרבאַנד—145 מיליאָן. איז אין אַמעריקע אַרבעטן אין דער קינאָ-אינדוסטריע 300 טויזנט מאַן, און באַ אונדז—נאָר 50 טויזנט.

אין אמעריקע זיינען פאראן 20 טויזנט מיט 500 קינא-טעאטערס און בא אונדז—נאר 2 טויזנט מיט 150. ערטער זיינען פאראן: אין אמעריקע—18 מיליאן מיט 500 טויזנט און בא אונדז—930 טויזנט.

אף איין ארט אין קינא-טעאטער אין אמעריקע איז פאראן ניט מער ווי 6 איינוואוינער, בא אונדז—156, אף איין קינא-טעאטער איז בא זיי—5 טויזנט מיט 500 איינוואוינער און בא אונדז—67 טויזנט מיט 500 איינוואוינער.

אין מעשעך פון 1 יאר צייט לייזן זיי פאר בילעטן 1 מיליארד מיט 300 טויזנט רובל. מיר—125 מיליאן רובל.

דידאזיקע ציפערן באווייזן, ערשטנס, ווי ווייט מיר שטייען נאך אפ פון אמעריקע אין דעם פראט און, צווייטנס, סארא גוואלדיקע מעגלעכקייטן מיר האבן נאך אין געביט פון אנטוויקלען קינא בא אונדז אין לאנד.

— אין מאירעוו-אוניווערסיטעט איז פארגעקומען אן אלגעמיינע פארזאמלונג פון דער יידישער וויסנשאפטלעכער געזעלשאפט.

אף דער פארזאמלונג איז אויסגעהערט געווארן א מיטיילונג פון כ. צווי פרידלאנד וועגן דער ארבעט פון דער וויסנשאפטלעכער סעקציע אפן צווייטן אל-פארבאנדישן קולטור-צוזאמענפאר.

אן אינפארמאציע וועגן דער ארטאגראפישער קאנפערענץ האט געמאכט דער כ. זארעצקי.

אין דער נאענסטער צייט וועט פארקומען א פארזאמלונג פון דער געזעלשאפט, אף וועלכער עס וועט אויסגעהערט ווערן אן אויספירלעכער פארטראג פון כאווער ליטוואקאוו וועגן די אלגעמיינע סאכאקלען פונם צוזאמענפאר.

— דעם 1-טן יון וועט אין אדעס פארקומען א קרייזישע קאנפערענץ פון יידישע לערער און קולטור טוער. אף דער קאנפערענץ וועט אויסגעהערט ווערן א באריכט פון דער צענטראל יידישער בילדביורא באם פאלקאמבילד פון אוקראינע (כ׳ מישקאווסקי), כ׳ י. רעזניקס א פארטראג אף דער טעמע „ארבעט אין שול אין געזעלשאפטלעך-נוצלעכער ארבעט“ וועגן שפראך, וועגן צושטאנד פון דער ליטעראטור. פאליט-אופקלער-ארבעט א. ד. גל.

די בילדביורא האט באשלאסן ארגאניזירן אין אדעס איבערגרייטונג-קורסן פאר לערער פון די יידישע שולן.

די קורסן וועלן ארומכאפן לערער פוןביידע קאנצענטרן.

— די פאריזער „ארבעטער-שטימע“ מעלדעט, אז די יידישער סעקציעס בא די סינדיקאטן (פראפארייבען) זיינען צוגעטראטן צו זאמלען מאטעריאלן (אויסגאבן רעזאלוציעס, דאטן, ציפערן) וועגן דער יידישער ארבעטער-באוועגונג אין פראנקרייך און בעלגיע. די צונויפגעזאמלטע מאטעריאלן האבן די סינדיקאטן בעדייע נאך דער באארבעטונג צושטעלן אין רעשוס פון דער יידישער קאטעדרע אין אוקראינע.

— אף אוקראינע גייען ארויס 87 צייטונגען, פון זיי 53 אף אוקראיניש, 24 אף רוסיש און 10 אף אנדערע שפראכן. דער אלגעמיינער טיראזש טועפט אן העכער א מיליאן עקז. דער טיראזש פון די אוקראינישע צייטונגען האט זיך פארגרעסערט און טרעפט אן בא א 600 טויזנט עקזעמפליארן. 69 צייטונגען האבן העכער 37 טויזנט ארבקארן, דארפקארן און מיליטקארן.

אין אוקראינע גייען ארויס אף יידיש 18 פעריאדישע אויסגאבן, צווישן וועלכע אייניקע האבן א טיראזש פון 20 ביז 25 טויזנט עקזעמפליארן.

— מאסקווער גובפראפראט ארגאניזירט א גרויסן ארבעטער-כאר. דער כאר וועט באשטיין פון 250 ארבעטער און ארבעטערנס.

— דעם 15-טן יון עפענען זיך אין מינסק די צענטראלע איבערגרייטונג-קורסן פאר יידישע לערער פון 1-טן קאנצענטר. אף די קורסן וועלן זיך לערנען 40 מאן. די לימודים וועלן דויערן ביז דעם 15-טן יול.

אין גאנץ פ. ס. ס. ר. געפינען זיך 3702 קלובן פאר ארבעטער.

— דער פאלקאמבילד פון ווייסרוסלאנד האט אנגעמערק צו עפענען פון קומענדיקן לערניאר אין וויטעבסק א באטאגיקן ארבפאק. דער ארבפאק וועט האבן 4 קורסן. אפן 1-טן קורס וועלן צוגענומען ווערן 100 צאהערער.

— מינסק האבן באזוכט די אוקראינער היכטער ס. פיליפענקא, אסטאפ ווישנא, פ. טיטשינע, פ. פאנטש, י. קוליק, וו. סאסיורא, א. פאנאוו, מ. סעמענקא וו. פאלישטשוק, פ. אוסענקא, מ. לעבעד, מ. קיקאוועץ און א. ליובטשענקא. צוזאמען מיט זיי זיינען געקומען די ארטיסטן פון דער אוקראינישער אפערע סאקאל און דער ארטיסט פון טעאטער „בערזיל“ קאנאטשקאווסקי.

אין קלוב „קארל מארקס“ איז פארגעקומען א גרויסער אוונט, געווידמעט די אוקראינער געסט. זיי זיינען ארויסגעטראטן מיט גרויס דערפאלג אף אן אוונט אין קולטור-הויז און אין קאמ.-אוניווערסיטעט. זיי זיינען ארויסגעפארן און גלייענט זייערע ווערק אין אייניקע קרייזן.

די ווייסרוסישע און יידישע ליטעראטן און געזעלשאפטלעכע טוער האבן זיי איינגעארדנט פאר זייער אוועקפאר א רייכן באנקעט.

— די יידישע ליטעראריש-לינגוויסטישע אפטיילונג באם פעדפאק פונם צווייטן מעלוכע-אוניווערסיטעט (מאסקווע) האט געפייערט דעם ערשטן ארויסלאז.

— דער ראטספאלקאם פון פסס״ר האט אנגענומען א באשלוס אין 1929-1928 לערניאר עפענען אין אלמא-אטא א קאזאקסטאנישן מעלוכישן אוניווערסיטעט.

— דער פאלקאמבילד פון ווסס״ר האט באשלאסן עפענען אין מאלעוו פון קומענדיקן לערניאר א פאליטאופקלער-טעכניקום מיט 2 אפטיילן: א ווייסרוסישן, אף וועלכן עס וועלן אנגענומען ווערן 55 מאן און א פוילישן—25 מאן. עס וועלן אנגענומען ווערן די, וועלכע האבן געענדיקט א פינפיאריקע שול. די פראגראם פון טעכניקום אף אלגעמיינע קעגנשטאנדן אנטשפרעכט דער פראגראם פון א 9-יאריקער שול, אף סאציאל-פאליטישע קעגנשטאנד—דער פראגראם פון א סאוופארטשול פון דער 2-טער שטופע.

— די ביורא פון צ.ק. פון ווייסרוסל. קאמיוג האט באשטימט צו ארגאניזירן באם ווייסרוסלענדישן מעלוכע-אוניווערסיטעט צוויי-כאדאשימדיקע קורסן אף צו צוגרייטן די פויערשע יוגנט אף צו אנקומען אין די הויכשולן און ארבפאקן פון ווייסרוסלאנד. די קורסן זיינען אויסגערעכנט אף 60 מאן.

— דער ארבעטער און פויערישער קאמוניסטישער אוניווערסיטעט אין נאמען פון כאווער סווערדלאוו האט געפייערט זיין 10-יאריקן יובילעי.

— דער פאלקאמבילד פון ווסס״ר האט באשטימט ארגאניזירן אין ווייסרוסל. צוויי נייע פעדטעכניקומס — איינעם אין סלוצק אין 1929-1928-טן לערניאר, דעם צווייטן אין רעטשיצע 1930-29 לערניאר.

— דער יידסעקטאר פון „אינווייסקולט“ ארגאניזירט האיאר צוויי עקספעדיציעס. איינע אין דובראוונע (אין באשטאנד פון די כאווירים א. וואלאברינסקי, ה. אלעקסאנדראוו און כ. האלמשטאק) אף אויספארשן די עקאנאמישע לאגע פון שטעטל, אין דער ערשטער ריי פון די ארבעטער אף דער ארטיקער טעקסטיל-פאבריק, אויך זאמלען מאטעריאלן פון פאלקלאר.

די צווייטע עקספעדיציע (אין באשטאנד פון די כאווירים כ. האלמשטאק און כ. קאהאן) איז אנגעמערקט אין מאזירער קרייז— שטעטלעך: נאראוולע, יעלסק, בויגאוויטש און אנד.—און שטעלט פאר זיך דעם ציל צו קלייבן פאלקלאר. פארשיידענע פאלק-דראמען און דאסגלייכן.

אין די עקספעדיציעס וועט אויך נעמען אן אנטייל כ׳ ווייגער, וועלכער וועט אויספארשן די דיאלעקטן אין די אנגעוויזענע יישוווים.

די עקספעדיציעס וועלן פארקומען אין מעשעך פון די כאדאשים יון-יול.

# ליטעראטור.

— די געזעלשאפט „פריינט פון מאסקווער מעלוכישן יידישן טעאטער“ האבן איינגעארדנט אין דער געביידע פון טעאטער א לעקציע פונם באוווסטן יידישן שרייבער פערעץ הירשביין, וועלכער האט זיך געפונען אין מאסקווע, אף דער טעמע „מיין רייזע איבער אינדיע“.

— אין ווייסרוסלענדישן מעלוכע-פארלאג איז דערשינען א בוך-לידער פון דיכטער א. קושניראוו אונטערן נאמען „ברויז“.

— אין צוזאמענהאנג מיט 12-טן יארצייט פונם באוווסטן אוקראינישן שרייבער איוואן פראנקא האבן די כארקאווער געלערנטע איינגעארדנט א פייערלעכן אוונט בעווידמעט פראנקא. אפן אוונט איז מיט אן אויספירלעכער רעדע וועגן פראנקאס טעטיקייט ארויסגעטראטן דער פאלקאמבילד פון אוקראינע כ. סקריפניק. אין נאמען פון די געלערנטע האט אף כ. סקריפניקס רעדע געענטפערט פראפעסאר סעמקאווסקי.

דער קאמיטעט פאר דורכפירן פראנקאס יובילעי האט באשלאסן איינשטעלן פאר סטודענטן סטיפענדיעס אפן נאמען פונם שרייבער.

— זומער וועט אין פאריז דערשיינען אן „אנטאלאגיע פון דער ליטווישער ליטעראטור“ אין וועלכער עס וועלן געדרוקט ווערן געקליבענע שאפונגען און ביאגראפיעס פון 50 ליטווישע שרייבער, פאעטן און היסטאריקער.

— אינגיכן דערשיינט אין פאַריז אַ בוך „די גסיסע פון דעם ווייסגוואַרדעישן רוסלאַנד“.

— אין ווין זיינען דערשינען אין דער דייטשישער שפּראַך אין אַ באַזונדערער אויסגאַבע דערציילונגען פון א. פ. טשעכאָוו—„אַניוטאַ“ און אַנד.

— אין וואַרשע איז דערשינען דער ערשטער און צווייטער נומער פונם כוידעשדיקן קריטיש ביבליאָגראַפישן זשורנאַל „ביכער-וועלט“.

— אין פאַרלאַג „קאַנאַדע“ איז דערשינען—דער ייד אין קאַנאַדע פון אַווראָם ריינווייַן (מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון די קאַנאַדער ייִדן) 2 בענד. צווישן אַנדערע ווערט דאָרט דערציילט מיקויעך א ייִדישן קאָלאָניזיר-פּלאַן אין 18 טן י. ה. וועגן קאַנאַדער שטעט מיט ייִדישע נעמען, אף וועלכע שפּראַכן ריידן קאַנאַדער ייִדן א. א.

— אין פאַרלאַג מאַקס יאַנקאָוויטש, ניו-יאָרק איז דערשינען ראָמען ראַלאַנס—די פאַרקישעפטע נעשאָמע אין 3 בענדער. מוטער און זון; זומער; ז. אנעס און לילוויע.

— אין פאַרלאַג „קולטור-ליגע“, וואַרשע איז אַרויס אין ייִדיש לידיאַ סייפולינעס „דאָס פּאָנים פון דאָרף“.

— אין פאַרלאַג „קלאַרקייט“, וואַרשע איז דערשינען—אין פייער און בלוט—מעמואַרן פון דער וועלט-מילכאָמע. 4-טער טייל. פון היישעריק.

— אין ניו־יאָרק איז אַרויס: א. לוצקי—נעמט עס, ס׳איז גוט פאַר אייך (לידער). אַרן פעלדמאַן—דורך טעג און נעכט, נאָוועלן, פאַרלאַג „צוזאַמען“.

— אין וואַרשע איז דערשינען „ייִדיש טעאַטער“. קוואַרטאַל-בוך 3—4. רעדאַקציע מ. ווייכערט.

— אין פאַרלאַג „שול און בוך“ (מאָסקווע) איז דערשינען ש. פּערסאָווס „קאָרנברויט“ (דערציילונגען).

— די ייִדסעקציע באַם פאָלקאָמבילד (ווייסרוסלאַנד) זעצט איבער אַ סעריע פּאָפּולער—וויסנשאַפטלעכע ביכער.

גלייכצייטיק ווערט אַרויסגעגעבן א גאַנצע סעריע קינדער־ליטעראַטור.

— די צ. ב. פון די ייִדישע סעקציעס באַם צ.ק. אַלק״פ האָט באַטראַכט די פראַגע וועגן דעם קנאַפּן טיראַזש פון די זשורנאַלן „יונגוואַלד“ און „פּיאָנער“ און האָט באַשלאָסן:

א) דעם פּיאָנער אין מאָסקווע ליקווידירן און אָנעמען אַלע מיטלען, אַז אין ווייסרוסלאַנד זאָל געשאַפן ווערן אַן ענלעכער זשורנאַל;

ב) בענויגייע דעם „יונגוואַלד“ אָנעמען מיטלען אריבערצוטראָגן אים קיין כאַרקאָוו.

— צו מאַקסים גאָרקיס יובילײ גיט אַרויס דער קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור-ליגע“ (קיעוו) אין דער שול־און פּיאָנערן ביבליאָטעק אַ זאַמלונג גאָרקיס דערציילונגען, צוגעקליבן פאַר קינדער פון שול עלטער. אין דער זאַמלונג גייען אַריין אַזעלכע דערציילונגען ווי „טונעל“, „קינדער פון פּאַרמע“ און אַנדערע. אָפן ערשטן אָרט גייט אין דער זאַמלונג אַ קאַפּיטל פון גאָרקיס באַוווּסטן ווערק „די מוטער“. די איבערזעצונג איז געמאַכט טיילווייז דורך פּערעץ מאַרקישן און טיילווייז דורך ל. רעזניקן.

— אין צוזאַמענהאַנג מיטן פופציק יאָריקן יובילײ פונם באַוווּסטן אוקראַיִנישן שריפטשטעלער מיכאַילאָו קאָציובינסקי דערשיינט אינגיכן אין קאָאָפּעראַטיוון פאַרלאַג „קולטור-ליגע“ (קיעוו) א זאַמלונג פון קאָציובינסקיס אויסגעקליבענע ווערק.

אין דער זאַמלונגען גייען אַריין פאָלגנדיקע ווערק פון קאָציובינסקין: 1) געלעכטער, 2) ער גייט, 3) ווי אַזוי מיר זיינען געפאָרן קיין קריניצע, 4) אינטערמעצאָ, 5) דעביט, 6) עפּלבוים און 7) שאָטנס פון פאַרגעסענע עלטערן. די איבערזעצונג פון אוקראַיִניש אף ייִדיש איז געמאַכט דורך ע. פינינבערג.

די זאַמלונג איז באַגלייט מיט א פאָרעדע פונם איבערזעצער וועגן קאָציובינסקיס לעבן און שאַפן.

— דער 60 יאָריקער יובילײ פון דעם רוסישן שרייבער מאַקסים גאָרקי איז געפייערט געוואָרן אין מינסק פון 28 מאַרט ביז 8 אַפּרעל. אין מעשעך פון דעראָזיקער צייט זיינען פאָרגעקומען אין די אַרבעטער-קלובן ליטעראַרישע אָונטן, געווידמעט דער ליטעראַרישער טעטיקייט פון מאַקסים גאָרקי. אַזעלכע אָונטן זיינען אויך דורכגעפירט געוואָרן אין די קריינישע שטעט.

אויסער דעם זיינען אין מינסק איינגעאָרדנט געוואָרן צוויי גרויסע ליטעראַרישע אָונטן: איינער אין קינאָ „קולטור“ דעם 29 מאַרט און דער צווייטער אין קלוב „קאַרל מאַרקס“ דעם 31 מאַרט פאַר דער אַרבעטער-יוגנט. אין קינאָ „קולטור“ איז אין צוזאַמענהאַנג מיטן יובילײ דעמאָנסטרירט געוואָרן דאָס בילד „מוטער“ לויט גאָרקיס באַוווּסטן ראָמאַן „מוטער“.

— „ראַדיאָ-פּערעדאַטשאַ“ (לענינגראַד) האָט איינגעאָרדנט אַ „גאָרקי-וואָך“. אין מעשעך פון דער וואָך זיינען דורך ראַדיאָ איבערגעגעבן געוואָרן לעקציעס וועגן גאָרקין, דערביי האָבן די פראַגמענטן פון זיינע ווערק אויסגעפילט די אַרטיסטן פון די מעלוכישע טעאַטערן. עס זיינען אויך איבערגעגעבן געוואָרן ספּעציעל פאַרן דאָרף פּאָפּולערע פאָרטראָגן וועגן גאָרקיס שאַפונג.

— דעם 30-טן אַפּרעל איז אין הויז פאַר צוזאַמענפאָרן פון פאָלקאָמבילד (מאָסקווע) פאָרגעקומען דער ערשטער אַלפאַרבאַנדישער צוזאַמענפאָר פון די פּראָלעטאַרישע שרייבער. אפן צוזאַמענפאָר זיינען געקומען צופאָרן העכער 300 דעלעגאַטן.

— אין ווילנע איז דערשינען שלוימע מיימונס לעבנגעשיכטע געשריבן פון אים אַליין (ש. מיימון—אַ ייִדיש-דייטשישער פילאָזאָף פון דער 2-טער העלפט 18-טן י. ה.). איבערגעזעצט פון דייטש אין 2 טיילן.

— אין ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין איז דערשיינען דער ערשטער און צווייטער נומער פונם כוידעש שריפט פאַר ליטעראַטור, קריטיק, קונסט און קולטור „די ייִדישע וועלט“.

— אין ראַטנפאַרבאַנד איז אָנגעקומען דער שרייבער פּערעץ הירשביין און זיין פרוי די דיכטערן עסטער שומיאַצער.

— אין פאַרלאַג פון ייִדסעקטאָר פון „אינווייסקולט“ (מינסק) איז דערשינען דער באַנד 2-3 „צייטשריפט“ פאַר ייִדגעשיכטע, ליטעראַטור, שפּראַך, עקאָנאָמיק און עטנאָגראַפיע. דער באַנד האָט באַ 85 דרוקבויגן, העכער 900 קאָלאָנעס און פאַרמאָגט זייער א רייכן מאַטעריאַל איבער געשיכטע, געשיכטע פון ייד. ערד-קאָלאָניזאַציע, עקאָנאָמיק, ליטעראַטור און פאָלקלאָר, שפּראַכפאָרשונג, מיטיילונגען און מאַטעריאַלן, א גרויסע אָפּטיילונג פאָלקלידער אַלטע און נייע א. א. וו.

— דער פאָלקאָמביל פון ווייסרוסלאַנד לאָזט אַרויס די נאָענטסטע צייט אַ זאַמלבוך וועגן פאָרשול־דערציִונג.

— לויטן באַשלוס פון ראַטפאָלקאָם פון אוקראַינע איז געגרינדעט געוואָרן א צענטראַלע קאָמיסיע אף דורכצופירן דעם יובילײ פון איינעם פון די גרעסטע אוקראַינישע שרייבער מיכאַיל קאָציובינסקי און אויך פאַרייביקן זיין אָנדענק.

די קאָמיסיע האָט אָנגעמערקט צום 18 אָווגוסט (טאָג פון געבורט פון קאָציובינסקין) אַרויסגעבן זיינע ווערק און אין 1929 יאָר שטעלן קאָציובינסקין אַ דענקמאָל אין וויניצע, ווו דער שרייבער האָט א לאַנגע צייט געוואוינט.

— עס איז דערשינען דער ערשטער נומער „פּראָליט“ דער ליטעראַריש־קינסטלערישער, קריטיש.־ביבליאָגראַפישער, כוידעש־זשורנאַל פון דער אַלוקראַיִנישער אַסאָציאַציע פּראָלעטאַרישע שרייבער ווופּ״פּ. רעדאַגירט פון כ״ב אַבטשוק, גילדין, האָפּשטיין, לעוויטאַן און פּעפּער.

אינהאַלט פון ערשטן נומער:

1. אונדזערע אויפגאַבן—(אַרטיקל). 2. גילדין—ברוגעס (דערציילונג). 3. אַלבערטאָן—טימקע (סקיצע). 4. לידער פון לאָפּאַטע, האָפּשטיין, פּעפּער, יאַנקעלעוויטש, פּיאַטיגאָרסקי. 5. בילאָוו—אונדזער סאָוועטישע פּראָזע (אַרטיקל). 6. אויער — אַ יאָר-קריטיק אין דער „רויטער וועלט“ (אַרטיקל). 7. אָרשאַנסקי — דער אוקראַיִנישער ייִדישער מעלוכע-טעאַטער (אַרטיקל). 8. אַבטשוק—וועגן נייע זשורנאַלן (אַרטיקל). 9. קאָריאַק—קלאַסנקאַמף אין דער אוקראַיִנישער ליטעראַטור. 10. שאַמיס—שוואַרצמאַנס פּאָעטיק. 11. סאַכאַקל פון דער דיסקוסיע איבער דער אוקראַיִנישער ליטעראַטור. 12. י. פ. נאָטיבן—(פעליעטאָן). 13. ביבליאָגראַפיע—וועגן דאַניעלס „אפן שוועל“—אַראָנאָוויטש. 14. א היגער—וועגן כוילעס „מיטן קלאָרן וועג“. 15. שקאַראָווסק — וועגן באַבעלס „זאַקאַט“. 16. נייס פון ליטעראַטור און קונסט.

די נאָענטסטע טעג דערשיינט דער צווייטער נומער „פּראָליט“.

— די ייִדסעקציע פון וואַפּ״פּ האָט אויסגעווילט צוויי פאָרשטייער אף דעם אַלפאַרבאַנדישן צוזאַמענפאָר פון „וואַפּ״פּ“. עס זיינען דעלעגירט געוואָרן די כאַווירים י. בראָנשטיין און א. שויכעט.

פון אוקראַינע זיינען געקומען אפן צוזאַמענפאָר די כאַווירים גילדין און פּעפּער (פאָרשטייער פון „ווופּ״) פון ווייסרוסישן „באַפּ“ איז דעלעגירט געוואָרן כ׳ י. גאָלדמאַן.

— אין פֿאַרלאַג „קולטור־ליגע“ (קיעוו) איז דערשינען דער 4־טער נומער „פּראָלעטאַרישע פּאַן“, וואָס איז אין דעם גרעסטן טייל זיינעם געווידמעט דעם יאָנטעוו פֿון ערשטן מאַי.

אויסער דעם אַרטיקל און אַלגעמיינעם פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכן מאַטעריאַל גייט אַריין אין דעם נומער אַ נייע דערציילונג פֿון א. אבטשוק און לידער פֿון ד. האָפשטיין, איציק פעפער און פּיאַטיגאָרסקי.

צום נומער ווערט צוגעלייגט ווי אַ ביילאַגע אַן איינמאָליקע אויסגאַבע פֿון דער קיעווער ייִד. בילד. אינספּעקטור „צום נייעם שול־אופנאם“. געווידמעט די פֿראַגן פֿון פֿאַרשטייענדיקן אופנאם אין דער ייִדישער אַרבעט — אין פּראָפּשול אין קיעוו און קיעווער קרייז.

# טעאַטער און קונסט.

— דער מאָסקווער ייִדישער מעלוכע־טעאַטער האָט גאַסטראָלירט אין בערלין מיט אויסערגעוויינטלעכן דערפֿאָלג. איצט שפּילט דער טעאַטער אין פֿראַנקפֿורט. העכער פֿופֿציק אַרטיקלען און רעצענזיעס זיינען געווען אָפּגעדרוקט אין די דייטשישע צייטונגען וועגן די צוויי ערשטע פֿאָרשטעלונגען אין בערלין — „200.000“ און „בינ־יאָמין האַשלישי“.

אַלע בערלינער גרעסערע און קלענערע צייטונגען פֿון פֿאַרשיידענע ריכטונגען האָבן געווידמעט דעם טעאַטער גרויסע אויספֿירלעכע אָפּהאַנדלונגען — אַ געפּאַקטע מאַמעש פּרעסע מיט פֿאַרשיידענע אַלערלייִקע בעסערע און נאָך בעסערע באַגייסטערטע און ביז גאָר באַגייסטערטע אָפּשאַצונגען און מיינונגען וועגן דעם מאָסקווער ייִדישן טעאַטער.

אַלפֿרעד קער דער טעאַטער־קריטיקער פֿון „בערלינער טאַגעבלאַט“, איינער פֿון די גרעסטע ברוטאַלע טעאַטער־אויטאָריטעטן אין אייראָפּע, בײַ וועמען אַ וואָרט איז מאַמעש אַ רענדל, איז אַרויס מיט אַ לענגערן אַרטיקל וועגן מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער.

די „ראָטע פֿאַנע“, „פֿאָסישע צייטונג“, „בערלינער פֿאָלקסצייטונג“, „די וועלט אַם אָבענד“, „לאָקאַל־אַנצייגער“, די ציוניסטישע „ייִדישע רונדשוי“ און אַנדערע צייטונגען גיבן באַגייסטערטע אַרטיקלען וועגן טעאַטער. צום שלוס דאַרף נאָך דערמאָנט ווערן דאָס בוך, געווידמעט דעם טעאַטער, וואָס איז דערשינען איצט אין בערלין מיט אָפּהאַנדלונגען און אַרטיקלען פֿון ערנסט טאָלער, ושאָזעף ראָט און אַלפֿאָנס גאָלדשמידט.

— צום קומענדיקן לערניאָר וועט אין מינסק בעעפֿנט ווערן אַן אָפּערע־סטודיע. עס איז אָנגעמערקט צו שטעלן די אָפּערע „האַלקאַ“ פֿון קאָמפּאָזיטאָר מאָניושקאָ א. א.

— אַף די אַלוועלטלעכע טעאַטער־יאַנטויווים, וועלכע קומען האַיאָר פֿאָר אין פּאַריז, ווערט קאָמאַנדירט דער מאָסקווער טעאַטער אָפּן נאָמען פֿון א. נ. וואַכטאַנגאָוו.

— דער ראַטפּאָלקאָם פֿון ווייסרוסלאַנד האָט באַשטעטיקט די סמעטע אַף צו בויען אין מאָזיר אַ שטאַטישן טעאַטער.

— דער ייִדישער מעלוכע־טעאַטער אין אוקראַינע טרעט צו צו אַן אינטענסיווער צוגרייטונג־אַרבעט צום קומענדיקן טעאַטער־סעזאָן.

דער טעאַטער וועט טיילווייז רעאָרגאַניזירט ווערן, כוץ דעם נייעם הויפּט־רעזשיסאָר, וואָס דער טעאַטער לאַדט איין, וועלן אויך צוגעצויגן ווערן אַ ריי נייע אַקטיאָרן.

אין רעפּערטואַר וועלן איינגעשלאָסן ווערן נייע רעוואָלוציאָנערע פּיעסן פֿון באַוווסטע ייִדישע שרייבער, און אויך איבערגעזעצטע פֿון רוסיש און אַנדערע שפּראַכן.

— דער ווייסרוסלענדישער מעלוכישער ייִדישער טעאַטער איז אַרויסגעפֿאָרן אַף גאַסטראָלן קיין אוקראַינע: אין קיעוו, כאַרקאָוו און אָדעס.

לויט די ידיעס וואָס מיר האָבן באַקומען, האָט דער טעאַטער געהאַט אין קיעוו אַ גרויסן דערפֿאָלג.

— עס איז ענדגילטיק באַשלאָסן געוואָרן די פֿראַגע וועגן דעם, אַז די יאַפּאַנישע טרופּע פֿון 45 מאַן פֿאָרט אַרויס קיין פֿסס״ר. די טרופּע וועט אָפּפֿאָרן פֿון טאָקיאָ אין מיטן יול.

אין מאָסקווע און לענינגראַד וועט די טרופּע געבן 24 ספּעקטאַקלען.

די ליטעראַרישע און וויסנשאַפֿטלעכע קרייזן און פּרעסע ווידמענען אַסאַך אויפֿמערקזאַמקייט דער פֿאָרשטייענדיקער רייזע.

— דער קינסטלערישער ראַט פֿון ייִדישן מעלוכע־טעאַטער פֿון אוקראַינע האָט איינגעשלאָסן אין רעפּערטואַר פֿון טעאַטער אַ פּיעסע פֿון אוקראַינישן דראַמאַטורג דנעפּראָווסקי („ליבע און רויך“).

די שטעלונג איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם רעזשיסאָר פֿון כאַרקאָווער אוקראַינישן מעלוכע־טעאַטער ל. נ. קלעשטשעיעוו.

— דער דיכטער דאַוויד האָפשטיין שרייבט איצט פֿאַרן ייִדישן מעלוכע־טעאַטער פֿון ווייסרוסלאַנד אַ פּיעסע אַף אַ געזעלדישער טעמע. די פּיעסע האָט דער טעאַטער איינגעשלאָסן אין זיין אַרבעט־פּלאַן אָפֿן קומעדיקן יאָר.

— אַ בערלינער טעאַטער האָט בײַ אַן אויסשטאַטונג פֿון אַ באַלעט־סצענע זיך באַנוצט מיט דעקאָראַציעס פֿון גלאָז.

רעדאַקטער: רעדקאָלעגיע.

## אינהאַלט:



גלאַווליטבעל 1406 באַשט. 2531 טיראַזש 1050 מינסק 1־טע דרוקעריי פֿון ווייסרוסלענדישן מעלוכע־פֿאַרלאַג

